אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור
פונ דער אוקראאינישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע
פעדאגאָגישע סעקציע

# פראגעס פונ שול-פראקטיק

אונטער דער רעד. פונ י. רעזניק

העפט II

י. רעזניק, ע. שנײַדערמאנ, ה. סאפיאנ

# היימפארגעבונגענ

מעלוכע-פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד
מינסק — נאצסעקטער — 1935

י. רעזניק.

# די פּראָבלעמ פונ היימפארגעבונגענ אינ דער פּעדאגאָגישער פּאָרשונג

אפנ וועג פונ רעאליזירנ די היסטאָרישע באשטימונג פונ צ. ק. וועגנ דער שול האָט די פּעדאגאָגישע סעקציע פונ אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור דורכגעפירט א ריי פּאָרשונגענ מיטנ ציל צו דיסקאָנטירנ אונ פאראלגעמיינערנ די דערפארונג פונעמ מאסנ־לערער אינ פארשיידענע געביטנ פונ דער שול־ארבעט. איינער פונ די דאָזיקע געביטנ, וואָס זײַנענ גענומענ געוואָרנ פאר אנ אָביעקט פונ פּאָרשנ, איז די אָרגאניזאציע פונ היימפארגעבונגענ. די ארבעטנ פונ די כ׳כ׳ שנײַדערמאנ אונ סאפּ׳אנ, וואָס זײַנענ געדרוקט אינ דער פּאָרליגנדיקער זאמלונג, שטעלנ מיט זיכ פאָר די ערשטע רעזולטאטנ פונ אויסלערנענ די דאָזיקע פּראָבלעמ. ווי אנ ארײַנפיר צו זייערע ארבעטנ אונ צו אונדזערע ווײַטערדיקע פּאָרשונגענ, וואָס מיר פּלאנירנ, געפינענ מיר פארנייטיק צו געבנ אנ איבערזיכט איבער דעמ, וואָס די בורזשואזע פּעדאגאָגיק האָט אָפּגעטאָנ אפ דעמ דאָזיקנ געביט.

אַלע פּאָרשונגענ אונ עקספּערימענטנ, וואָס זײַנענ געשטעלט געוואָרנ אינ דער בורזשואזער פּעדאגאָגיק בענעגייע צו די היימפארגעבונגענ, קענ מענ אײַנטיילנ אינ דרײַ הויפּט־גרופּעס:

די פּאָרשונגענ פונ דער ערשטער גרופּע באציִענ זיכ דעריקער צו דער היגיִענישער זײַט פונ די היימפארגעבונגענ. די דאָזיקע פּאָרשונגענ פארנעמענ זיכ מיט דיסקאָנטירנ די צײַט, וואָס די קינדער גיבנ אָפּ אפ די היימפארגעבונגענ, די טנאָיִמ, בא וועלכע זיי ווערנ דורכגעפירט, זייער ווירקונג אפנ געזונט־צושטאנד פונ די קינדער א. א. וו.

די פֿאָרשונגען פֿון דער צווייטער גרופּע פֿאַרנעמען זיך דעריקער מיט דער פֿראַגע וועגן רעלאַטיוון ווערט פֿון שול־אַרבעט און אַרבעט אינדערהיים — אַהער באַציִען זיך אויך אַלע דידאַקטישע פֿאָרשונגען וועגן דער מעגלעכקייט צו באַזײַטיקן אינגאַנצן די היימאַרגעבונגען און זיי פֿאַרבייַטן מיט אַפּ אַ געהעריקן אופֿן רעפֿאָרמירטער שול־אַרבעט [1]).

די דריטע גרופּע פֿאָרשונגען פֿאַרנעמט זיך מיט דער אָרגאַניזאַציע און טעכניק פֿון דער זעלבשטענדיקער קינדערשער אַרבעט אינדערהיים. די דאָזיקע פֿאָרשונגען זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער יונגער וויסנשאַפֿט וועגן ראַציִאָנאַליזאַציע פֿון אינטעלעקטועלער אַרבעט.

מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן אַפּ די וויכטיקסטע פֿאָרשונגען פֿון די אַלע גרופּעס.

## וועגן דער היגיִענישער זײַט פֿון די היימאַרגעבונגען

איינע פֿון די גרינטלעכסטע פֿאָרשונגען אין דעם געביט איז די אַרבעט פֿון דעם שוועדישן געלערנטן ק״. קעדיי פּעסטשטעלן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דער אַרבעט פֿון די קינדער אַפּ די היימאַרגעבונגען און זייער געזונט־צושטאַנד האָט ק״ צונויפֿגעזאַמלט אַ רײַכן מאַטעריאַל פֿון 10 מיטל־שולן אין פֿאַרשיידענע טיילן פֿון שוועדן. פֿון 3968 שילער, וואָס די אויספֿאָרשונג האָט אַרומגעכאַפּט, האָבן 1089 קינדער אָפּגעגעבן אַפּ אויספֿילן די היימאַרגעבונגען אַזאַ צאָל שאָען, וואָס שטײַגט אַריבער די דורכשניטלעכע נאָרמע. די איבעריקע 2159 קינדער האָבן אָפּגעגעבן אַפּ דער דאָזיקער אַרבעט אַ קלענערע צײַט. אין דער ערשטער גרופּע קינדער איז דער פּראָצענט קרענקלעכע געווען גלײַך צו 47,9, אין דער צווייטער גרופּע איז דער פּראָצענט געווען גלײַך צו 44,7. מיט אַנדערע ווערטער: די קינדער, וואָס האָבן געאַרבעט אַפּ די היימאַרגעבונגען ווייניקער פֿון דער נאָרמע, האָבן געגעבן אַפּ 3,2 פּראָצ., ווייניקער קרענקלעכע.

[1]) אין אַמעריקע איז אַ שטיק צײַט געווען פֿאַרשפּרייט דאָס אַזויגערופֿענע „לערנען אונטער אַן אויפֿזיכט“ (Supervised study). די קינדער אַרבעטן זעלבשטענדיק ניט אינדערהיים, נאָר אין שול אונטערן אויפֿזיכט פֿון לערער. מיט דער פֿאָרם פֿון אַרבעט האָט מען זיך געפּרוּווט פֿאַרבײַטן די געוויינלעכע היים־אַרבעט און אויך די שול־אַרבעט.

די זעלבע רעזולטאטנ האָבנ זיכ באקומענ פונ אנ אנאלאָגישער אויספאָרשונג אינ שטאָקהאָלמ, וואָס האָט ארומגעכאפּט 1873 שילער. אינ דער גרופּע קינדער, וואָס האָבנ געארבעט אפ די היימפארגעבונגענ מער פונ דער נאָרמע, איז דער פּראָצענט קרענקלעכע געווענ גלײַכ צו 56,1, אינ דער גרופּע, וואָס האָט געארבעט ווייניקער פונ דער נאָרמע, איז דער פּראָצענט געווענ 50,8. דאָס הייסט אפ 5,3% ווייניקער איידער אינ דער ערשטער גרופּע.

דערנבערגער אונ גראָסמאנ האָבנ דורכגעפירט אינ מיונכענ גענויע אויספאָרשונגענ וועגנ דעמ, וויאזוי די שילער פונ די מיטל־שולנ פירנ דורכ זייער צײַט אינדערהיימ. די וויכטיקסטע רעזולטאטנ פונ די פאָרשונגענ זײַנענ פאָלגנדיקע:

10% פונ אלע שילער האָבנ ניט געהאט קיינ מעגלעכקײַט שלאָפנ אזויפיל צײַט, וויפל עס פאָדערט די נאָרמע. 5% פונ די ייִנגסטע שילער אונ 32% פונ די עלטערע שילער גרייטנ די לימודימ אינ די באנאכטיקע שאָענ. די נאכט־ארבעט וואקסט, ווי א קלאל, צוזאמענ מיטנ וווּקס פונ די היימפארגעבונגענ.

אינ די טעג, וואָס זײַנענ פרײַ פונ נאָכמיטאָגדיקער ארבעט, ווערט פאקטיש אויסגעפילט 30% פונ דער גאנצער וואָכ־ארבעט, דאָס הייסט, אז די אזויגערופענע פרײַע טעג זײַנענ פאקטיש קיינמאָל ניט פרײַ.

אפ 45 שאָ זיצארבעט אינ שול אונ אינדערהיימ נעמט זיכ אָנ אפ באוועגונג אונ גימנאסטיק דורכשניטלעכ ניט מער פונ 2 שול־שאָענ. 16% פונ אלע ייִנגערע שילער אונ 68% פונ די עלטערע שילער (9־טער קלאס) האָבנ זיכ לאכלוטנ ניט פארנומענ מיט קערפּערלעכע איבונגענ אפ דער פרײַער לופט, מיט ספּאָרט, גימנאסטיק, שפּילנ א. א. וו.

קעמזיס האָט אויסגעפאָרשט, וויפל געדויערט די היימ־ארבעט פונ די קינדער פונ א דריטנ קלאס. ער האָט אויסגעפונענ דעמ מינימומ, מאקסימומ אונ דורכשניטלעכע צאָל פונ דער צײַט, וואָס ווערט אָפּגעגעבנ אפ אויספילנ די היימפארגעבונגענ.

נאָכדעמ האָט ער אויסגערעכנט דעמ אריטמעטישנ דורכשניט פונ דער מינימאלער אונ מיטעלער צײַט, אונ דעמ אריטמעטישנ דורכשניט פונ דער מאקסימאלער אונ מיטעלער צײַט.

אָנעמענדיק די דורכשניטנ אונ דעמ מאקסימומ אונ מינימומ פאר

גרעניצנ, האָט ער אינ העסקעם דערמיט אַלע קינדער צעטיילט אפּ פיר גרופּעס אונ אויסגערעכנט פאר יעדער גרופּע דעם דורכשניטלעכנ צײַט־פאַרנעם פונ די היימפּארגעבונגענ אינ א וואָכ פּארנ 1־טנ אונ 2־טנ סעמעסטער. ס'האָבנ זיכ באַקומענ אזוינע רעזולטאטנ:

| | 1־טער סעמעסטער | | | 2־טער סעמעסטער | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 גרופּע | 5 שילער | 322,2 | מינוט | 7 שילער | 402,4 | מינוט |
| 2 „ | 11 „ | 420,6 | „ | 11 „ | 427,7 | „ |
| 3 „ | 8 „ | 524,4 | „ | 8 „ | 713,4 | „ |
| 4 „ | 3 „ | 633,5 | „ | 4 „ | 955,0 | „ |

פונ דער טאבעלע זעענ מיר, אז קינדער פונ דער 4־טער גרופּע גיבנ אָפּ אפּ דער היימ־ארבעט 2 מאָל מער צײַט פונ די קינדער פונ דער 1־טער גרופּע פונ דעמ זעלבנ קלאס. די קינדער פונ דער 3־טער אונ 4־טער גרופּע, קימאט האלב פונ אלע קינדער, גיבנ אָפּ אפּ די היימפּארגעבונגענ מער צײַט פונ דער נאָרמע. אינעמ 2־טנ סעמעסטער וואקסט שטארק די אָנלאָדונג פונ די קינדער, באזונדערס פונ דער 3־טער אונ 4־טער גרופּע.

שמידט האָט אינ מעשעכ פונ א דויערנדיקער צײַט סיסטעמאטיש געפאָרשט די היימ־ארבעט פונ שילער פונ 2 זעקסטע קלאסנ אונ 2 זיבעטע קלאסנ אינ א וויורצבורגער פאָלקסשול.

ער האָט אויסגעפאָרשט פריִער פאר אלצ די באדינגונגענ פונ ארבעט אינדערהיימ: דעמ צײַט־דויער פונ דער היימ־ארבעט, די באציִונג צו איר מיצאד די עלטערנ, ברידער אונ שוועסטער, די רעלאטיווע עפעקטיווקײַט פונ ארבעטנ אינ שול אונ אינדערהיימ א. א. וו. צוליב די פאָרשונגענ האָט ער אָנגעווענדט אזוינע ארבעטנ, ווי איבערשרײַבנ פונ ביכל, לייזנ אופגאבעס, שרײַבנ זעלבשטענדיקע אופזאצנ א. א. וו. קעריי געבנ אנ איינהײַטלעכע אָפּשאצונג פונ די גרונטלעכע פאָרמעלע פעלערנ, האָט ער אײַנגעשטעלט א פעסטע שקאלע פונ פעלערנ.

מיר וועלנ דאָ ברענגענ די וויכטיקסטע רעזולטאטנ פונ שמידטס ערנסטהאפטיקע פאָרשונגענ, וואָס האָבנ א שײַכעס צו דער היגיִעניִשער זײַט:

1. 2,3% שילער געפינען זיך אין ניט באהייצטע דירעס, 13,5%—4,6% אין דירעס, וואָס באשטייען פון איין צימער. 55%—29% אין דירעס פון 2 צימערן. זייער אָפט ווערן די היימפארגעבונגען גע־גרייט אף דער קיך־פליטע, אף שטולן, אף די טרעפ, אפן פענצטער א. א. וו. דערביי איז די ארבעט־פּאָזע פון די קינדער שטארק אנטי־היגיעניש.

2. אויסערלעכע שטערונגען באם גרייטן די לימודים אינדערהיים שפילן אסאך א גרעסערע ראָליע, איידער די לערער מיינען.

3. די שאָען, וואָס ווערן אָפטער באנוצט צוליב די היים־ארבעטן, זיינען פאָרגעשטעלט אין א פאלנדיקן סיידער אין דער פאָלגנדיקער ריי: פון 5 ביז 6, פון 7 ביז 8, פון 6 ביז 7, פון 1 ביז 2, פון 8 ביז 9, פון 9 ביז 10. דעם בעסטן רעזולטאט האָט געגעבן די צייט פון 9 ביז 7. די צייט פון 5 ביז 6 איז אָפגעשאצט געוואָרן ווי „דורכ־שניטלעך גוט", פון 7 ביז 8—ווי „וויניקער גוט", פון 1 ביז 2—„גאנץ באפרידיקט", פון 8 ביז 9—„די ערגסטע צייט". די צייט פון 9 ביז 10, וואָס טרעפט זיך באזונדערס זעלטן, באווייזט גאנץ גוטע רעזולטאטן.

ד״ר בערנהארד האָט אויסגעפאָרשט דעם שלאָף פון 6551 בער־לינער קינדער. לויט דער פאָדערונג פון היגיענע דארפן זיי שלאָפן:

| אין עלטער פון | פון אפדערנאכט | ביז אינדערפרי | שאָען |
|---|---|---|---|
| 7 | 8 אזייגער | 7 אזייגער | 11 |
| 8 | „ 8 | „ 7 | 11 |
| 9 | „ 8 | „ 7 | 11 |
| 10 | „ 8–9 | „ 7 | 10–11 |
| 11 | „ 8–9 | „ 7 | 10–11 |
| 12 | „ 9 | „ 7 | 10 |
| 13 | „ 9 | „ 7 | 10 |
| 14 | „ 9,30 | „ 7 | 9,30 |

פאקטיש שלאָפן זיי:

| אין עלטער | פון אפיערנאכט | ביז אינדערפרי | שלאָף. | פערשלאָפן ניט שאָען |
|---|---|---|---|---|
| 6—7 | 8,55 אוייגער | 7,15 אוייגער | 10,20 | 0,40 |
| 7—8 | „ 8,55 | „ 6,45 | 9,50 | 1,10 |
| 8—9 | „ 9,10 | „ 6,35 | 9,25 | 1,35 |
| 9—10 | „ 9,10 | „ 6,30 | 9,20 | 1,10 |
| 10—11 | „ 9,20 | „ 6,30 | 9,10 | 1,20 |
| 11—12 | „ 9,45 | „ 6,35 | 8,55 | 1,05 |
| 12—13 | „ 10,00 | „ 6,25 | 8,25 | 1,35 |
| 13—14 | „ 10,25 | „ 6,15 | 7,50 | 1,40 |

די שלעכטע ווירקונג פון דער איבערמעסיקער שול־און היים־אַרבעט אפן געזונט־צושטאנד פון די קינדער, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורכ זיער מערהייט פון די פאָרשונגען און דורכ טאָגטעגלעכע באַאָבאכטונגען, האָט ארויסגערופן א גאנצע ריי אָפיציעלע פאראָרדענונגען, וואָס שטרעבן צו רעגלאמענטירן די היים־ארבעט. איינע פון די אינטערעסאנטע פאראָרדענונגען, וואָס האָט נאָכ אויכ איצט ניט פארלאָרן איר גאנצן מעטאָדישן ווערט, שטעלט מיט זיכ פאָר די זאקסישע פאראָרדענונג פונעמ 8־טן דעקאבער 1910 יאָר ספעציעל וועגן היימפארגעבונגען אין מיידל־שולן. מיר ברענגען פון איר איניקע אויסצוגן:

„אלע היים־ארבעטן דארפן זאָרגעוודיק דאָזירט ווערן אין הסקעמ מיט דער קערפערלעכער און גייסטיקער אנטוויקלונג פון די שילערנס און מיט דער ארבעטספייִקייט אפ יעדער עלטער־שטופע.—די פארגעבונגען דארפן אין שול אזוי צוגעגרייט ווערן, אז די שילערנס זאָלן זייִן בעקוויעמ זיי צו לייזן אָן באזונדערע שוועריקייטן.—ריינ מעכאנישע שרייִב־ארבעטן, צומ ביישפיל, פילפאכע איבערשרייבונג פון ניט ריכטיק אָנגעשריבענע ווערטער א. א. וו. ווערן פארבאָטן.—אלע לערער פון

זיין קלאס דארפן זיך צונויפריידן וועגן די פארגעבונגען פון יעדן באַזונדער. די לערער דארפן באוואָרענען, אז די אָנלאָדונג אין פארשיידענע טעג זאָל אמעגלעכסטן זײַן גלײַכמעסיק פאנאנדערגעטיילט.—אפן ערשטן שול־טאָג פון דער וואָך טאָר מען קיין ארבעט ניט פארגעבן.—דער לערער קען רעקאָמענדירן די קינדער ארבעט פאר זעלבסטבאשעפטיקונג אין די פרײַע טעג, אָבער אָן נאָכפאָלגנדיקן קאָנטראָל,—דער קלאסן־לערער צוזאמען מיט די עלטערן דארפן יעדן יאָר פעסטשטעלן מיט דער הילף פון פילמאָליקע אויספרעגונגען, וויפל צײַט פארנעמט די ארבעט אף די היימפארגעבונגען בא איינצלנע קינדער, און אין העסקעם דערמיט אָנעמען די געהעריקע מאָסמיטלען, קעדיי אויסמײַדן איבערלאָדונג”.

איינ‍יקע בורזשואזע פעדאגאָגן רעכענען, אז קיינשום פאראָרדענונגען קענען ניט פארקלענערן דעם שאָדן פון די היימפארגעבונגען, און דערפאר פאָדערן זיי, אז די היימפארגעבונגען זאָלן אינגאנצן באזײַטיקט ווערן.

לאנג, צום בײַשפיל, קומט צו אזא אויספיר אפן סמאך פון זײַנע אייגענע פאָרשונגען. ער האלט, אז קיין שום נוצלעכע ארבעט קען ניט אויסגעפילט ווערן אינדערהיים אף ניט צוגעפאסטע ארבעט־פלעצער, אין א שלעכטער ארבעט־פאָזע, בא מאנגלהאפטער באלײַכטונג, אונטערן שטענדיקן רויש פונעם ריידן און שפילן פון די קינדער און פאמיליעאָנגעהעריקע און בא אנדערע ענלעכע שטערנדיקע אומשטענדן.

די נעגאטיווע באציִונג צו די היימפארגעבונגען איז באזונדערס אויסגעוואקסן מיט דער אנטוויקלונג פון די אזויגערופענע פעדאגאָגישע זוכענישן, וואָס באציִען זיך מיט גרינגשעצונג צו דער נייטיקײַט געבן די קינדער א באַשטימטן סכום וויסנשאפטלעכע יעדיִעס און קענטענישן.

אין אסאך בורזשואזע שולן זײַנען די היימפארגעבונגען אין צוואַנגהאנג דערמיט פולשטענדיק פארשווונדן געוואָרן.

וויִאזוי דארף זײַן אונדזער באציִונג צו די היגיִענישע פאָרשונגען פון דער בורזשואזער פעדאגאָגיק און צו די אויספירן, וואָס ווערן פון זיי געמאכט?

דער גרונט־פעלער פון די בורזשואזע פאָרשונגען באשטייט אין דעם, וואָס זיי שאצן איבער די ווירקונג פון דער שול אפן געזונט־צושטאנד פון די קינדער, פארמאכנדיק די אויגן אף די עמעסע קלאסן־סיבעס,

וואָס פירן צו דער פיזישער און גײַסטיקער אויסצערונג פון די פראָלע־טארישע קינדער. דערצו נעמען זיי די שול אבסטראקט, איגנאָרירנדיק די ספּעציפישע אײַנשטעלונג און דעם ספּעציפישן אינהאלט פון דער בורזשואזער שול, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א פײַנטלעכע קראפט בענוגייע צו די ארבעטנדיקע. דערפאר זוכן זיי די סיבע פון אלע צאָרעס אינעם לערנען ביכלאל און אין די היימפארגעבונגען ביפראט. זיי מיינען, אז מע קען געזונט מאכן דאָס קינד מיט פארקירצן זײַן לערנען אין שול און אָפּשאפן זײַן לערנארבעט אינדערהיים. אָט פארוואָס די מערהײַט אויספירן פון די בורזשואזע פאָרשונגען וועגן די ווירקונגען פון לערנען אפן געזונט זײַנען אין א גרויסער מאָס סוביעקטיוו. מע מוז זיי רעווידירן מיט דער הילף פון אפסנײַ געשטעלטע פאָרשונגען.

ניט רעגלאמענטירטע, מעטאָדיש שלעכט אוועקגעשטעלטע היים־ארבעט קען אָן שום סאָפעק שלעכט ווירקן אפן געזונט פון די קינדער. דערפון קען מען אָבער מאכן בלויז דעם איינציקן אויספיר, אז די פארגעבונגען דארפן מעטאָדיש גוט אוועקגעשטעלט ווערן, רעגלאמענ-טירט און ראציאָנאליזירט ווערן, אָבער בעשום־אופן ניט מאכן אן אויס־פיר, אז זיי מוזן אָפּגעשאפן ווערן.

## וועגן רעלאטיוון ווערט פון ארבעט אין שול און אינדערהיים

צי איז די היים־ארבעט קוואנטיטאטיוו און קוואליטאטיוו בעסער אָדער ערגער פון דער שול־ארבעט? דאָס איז די פראגע, מיט וועלכער עס פארנעמען זיך די פאָרשונגען, וועלכע געהערן צו דער צווייטער גרופּע.

די דאָזיקע פראגע איז זייער וויכטיק פאר דער וויסנשאפטלעכער אָרגאניזאציע פונעם פּעדאגאָגישן פּראָצעס.

וויאזוי פאנאנדערטיילן די לערן־צײַט צווישן דער ארבעט אין שול, און אינדערהיים אף פארשיידענע עלטער־שטופעס? וואָס פאר אן אינ־האלט ארײַנלייגן אין די פארגעבונגען פון פארשיידענע לימודים אין פארשיידענע קלאסן? וועלכע טיילן פון דעם אָדער יענעם לימוד דורכ־ארבעטן אין קלאס, און וועלכע פארגעבן אף אהיים? אף די אלע פראגן

קענענ מיר געפינענ אנ ענטפער אינ דער לייזונג פונ דער גרונט־פּראָבלעמ וועגנ רעלאַטיווע ווערט פונ ארבעט אינ קלאַס אונ אינדערהיימ.

צומ באַדויערנ זייַנענ די פּאָרשונגענ פונ דער בורזשואַזער פּעדאַגאָגיק גראָד אינ דעמ געביט באַזונדערס אָרעמ אינ צאָל אונ נידעריק אינ אייכעס. דאָס דערקלערט זיכ אינ א גרויסער מאָס מיט די ספּעציפישע שוועריקייטנ, אפ וועלכע די פּאָרשונגענ פונ דער דאָזיקער פּראָבלעמ שטויסנ זיכ אָנ.

די ערשטע שוועריקייט באַשטייט אינ דעמ, וואָס די פּראָבלעמ פונ שול-אונ היימ־ארבעט איז ענג צונויפגעפלאָכטנ מיט א צווייטער וויכטיקער פּראָבלעמ, מיט דער פּראָבלעמ פונ קאָלעקטיווער אונ אינדיווידועלער ארבעט. די ארבעט אינ שול קומט פּאָר מערסטנטייל קאָלעקטיוו, די ארבעט אינדערהיימ— אינדיווידועל. עס זייַנענ אָבער אויכ פאַראַנ אסאַכ פאַלנ פונ אינדיווידועלער ארבעט אינ שול אונ קאָלעקטיווער ארבעט אינדערהיימ (ווענ די שילער גרייטנ די לימודימ אינ קרייַזלעכ). אייניקע פּאָרשער דיסקאָנטירנ ניט דעמ דאָזיקנ איבערפלעכט פונ 2 באַזונדערע פּראָבלעמענ, דערפאַר זייַנענ די רעזולטאַטנ פונ זייערע פּאָרשונגענ ווייניק באַלערנדיק: ס'איז שווער צו זאָגנ, וואָס באַשטימט די קוואַליטעט פונ דער אָדער יענער ארבעט, צי דאָס, וואָס זי איז אויסגעפילט געוואָרנ אינ דער פּאָרמ פונ א היימפאַרגעבונג, אָדער דאָס, וואָס זי איז דורכגעפירט געוואָרנ אינדיווידועל.

די צווייטע שוועריקייט פונ די פּאָרשונגענ וועגנ היימ־אונ שולנ ארבעט באַשטייט אינ דעמ, וואָס מיר האָבנ צו טאָנ מיט זייער אסאַ פאַרשיידענע זייַטיקע פאַקטערנ, וואָס קרייצנ זיכ איבער אפ א פילפאַכ אונ פאַרשיידנאַרטיקנ אויפנ. די אומשטאַנדנ פונ ארבעט אינדערהיימ זייַנענ גוואַלדיק פאַרשיידנאַרטיק, אָפּהענגענדיק פונ די מאַטעריעלע באַדינגונגענ, פונ דער באַציִונג צו דער קינדערשער ארבעט מיצאַד די ארומיקע א. א. וו. אינ שול זייַנענ אויכ שטאַרק פאַרשיידנ די אומשטאַנדנ פונ ארבעט. א גרויסע ראָליע שפּילט די גרויס פונ קלאַס, די אָרגאַניזאַציע אונ פּאָרמענ פונ ארבעט אונ דאָסגלייַכנ.

פּאָרשנדיק דעמ רעלאַטיוונ ווערט פונ שול־אונ היימ־ארבעט דאַרפ מענ אויכ דיסקאָנטירנ די עלטער-שטופּעס פונ די קינדער. דעמ כאַראַקטער פונ דער אַנטשפּרעכנדיקער דיסציפּלינ, די אינדיווידועלע אייגנ־

שאפטן און נויגונגען פון דעם אָדער יענעם קינד, די מעטאָדישע צוגעגרייטקייט און האלטונג פון לערער א. א. וו. א. וו.

עס איז קלאָר, אז אָן א גענויעם דיסקאָנט פון די אַלע פאקטערן אין יעדער באזונדער פאל קענען די פאָרשונגען ווייניק וואָס געבן.

דער גרונט־מעטאָד פון פאָרשן די דאָזיקע פראָבלעם באשטייט אין דעם, וואָס ארבעטן פון גלייכער שווערקייט ווערן דורכגעפירט אין דער פאָרם פון סיסטעמאטישער שול־ארבעט און אין דער פאָרם פון היימפארגע־בונגען. די דערגרייכונגען ווערן אויסגעמאָסטן מיט דער הילף פון אמעגלעכסט אָביעקטיווע מעטאָדן, און די באקומענע רעזולטאטן ווערן פארגלייכט. אין דער טעכניק פון דעם עקספערימענט שטויסן מיר זיך אָן אף 2 גרונט־שוועריקייטן. ערשטנס איז נייטיק צו זוכן גלייכע לויט זייער שווערקייט ארבעטן, און דאָס איז גאָר ניט גרינג אויסצופילן, באזונדערס, ווען מע דארף צוקלייבן מאטעריאל פאר אויסווייניק לערנען אָדער טעמעס פאר אופזאצן.

צווייטנס, דארף מען אויסארבעטן אָביעקטיווע מעטאָדן אף מעסטן די דערגרייכונגען.

די טעכניק פון פעדאגאָגישן עקספערימענט, וואָס איז אין מעשעך פון די לעצטע 15—20 יאָר פאנאנדערגעארבעט געוואָרן אין אמעריקע, גיט באשטימטע מעגלעכקייטן די דאָזיקע ביידע שוועריקייטן צו באזייטיקן. דער מעטאָד פון עקוויוואלענטע קאָנטראָל־גרופעס גיט א מעגלעכקייט איינצייטיק דורכמאכן איינע און די זעלבע ארבעט אין 2 אויסגעגליכטע גרופעס, אין איינער—אין דער פאָרם פון שול־ארבעט און אין דער צווייטער—אין דער פאָרם פון היימפארגע־בונגען, און נאָכדעם די רעזולטאטן פארגלייכן. די גרינטלעכ־באארבעטע טעסטן־מעטאָדיק גיט א מעגלעכקייט מער־ווייניק־אָביעקטיוו אויסמעסטן די רעזולטאטן.

צום באדויערן זיינען, אף וויפל אונדז איז באקאנט, ניט געווען קיין פרוון אָנצווענדן די דאָזיקע טעכניק אף פאָרשן די פראָבלעם פון היימפאר־געבונגען. די פאָרשונגען, וואָס זיינען פארגעשטעלט אין דער פעדאגאָ־גישער ליטעראטור, זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון זייער א נידעריקער טעכניק. דערפאר לאָזט זיך שטארק פילן אף די רעזולטאטן פון די דאָזיקע פאָרשונגען די ווירקונג פון די אָנגעוויזענע שוועריקייטן.

אינ אַלגעמיינ קומענ אַלע פאָרשער פונ דער דאָזיקער פּראָבלעם צו איינעם אונ דעם זעלבנ אויספיר,—אז די היימ-ארבעט איז סײַ קוואנטיטאטיוו, סײַ קוואליטאטיוו נידעריקער פונ דער שול־ארבעט.

שמידט ווײַזט אָנ אינ דער אויבנדערמאָנטער פאָרשונג, אז די קינדער מאכנ אינ זייערע היימ-ארבעטנ מער פעלערנ, איידער אינ די שול־ארבעטנ. די צאָל פעלערנ פאר איינעמ אונ דעמ זעלבנ קלאס איז געווענ גלײַכ:

| | | |
|---|---|---|
| אינ כעזשבענענ . . . | 189 אינדערהיימ | 135 אינ קלאס |
| אינ אראָפּשרײַבנ . . . | 158 „ „ | 114 „ „ |
| אינ אופזאצ . . . . | 425,5 „ „ | 326,5 „ „ |

פונ דער שול־ארבעט שפּילנ מערער אויס, לויט שמידטס פאָרשונגענ, די שוואכערע קינדער, וואָס ארבעטנ פאמעלעכער, ווײַל זיי נייטיקנ זיכ מערער אינ אזוינע סטימולנ, ווי די ארבעט פונעמ גאנצנ קלאס אונ די אָנוועזנהײַט פונ לערער. אזוי ארומ ווערט אדאנק דער שול־ארבעט ביז א געוויסער מאָס פארקלענערט דער אונטערשייד צווישנ די שטארקע אונ שוואכע שילער סײַ קוואנטיטאטיוו, אזוי אויכ קוואליטאטיוו.

בענעגייע צו אייניקע קינדער האָט שמידט פעסטגעשטעלט, אז זיי ארבעטנ אפּ אופזאצנ אינ דער מוטערשפּראכ אינדערהיימ דערפאָלגרײַכער איידער אינ שול.

דעמ דאָזיקנ פאקט באשטעטיקט אויכ מײמאנ אפּנ סמאכ פונ זײַנע באאָבאכטונגענ.

„די ווערטפולקײַט פונ דער היימ־ארבעט, זאָגט ער, ווערט אלצ העכער, וואָס מער די ארבעט נעמט אָנ דעמ כאראקטער פונ אנ אינדיווידועלער שאפונג, וואָס טראָגט אפּ זיכ דעמ שטעמפּל פונ פערזענלעכקײַט, אונ וואָס מערער עס באטייליקנ זיכ אינ דער ארבעט די העכערע גײַסטיקע פייִקײַטנ, ווי פאנטאזיע, אורטייל, פּארטיפערטע ארבעט פונ זיקאָרנ, אויסדריק־פייִקײַט אונ סטיל. די שול־ארבעט איז אלצ ווערטפולער, וואָס מערער די ארבעט טראָגט דעמ כאראקטער פונ מעכאנישער אונ זיקאָרנארטיקער טעטיקײַט, אונ וואָס ווייניקער עס דארפ דערבײַ ארויסגעוויזנ ווערנ פערזענלעכע אייגנארטיקײַטנ".

קאנקלייט האָט אָפּגעמאַכט פונ זײַנע פאָרשונגענ אונ באאָבאכ־טונגענ פאָרמולירט די פאָלגנדיקע קלאָלימ, וואָס ווידערשפּרעכנ טייל־ווײַז שמידס אויספירנ:

„1) בא א גרויסער צאָל שילער איז די שול־ארבעט ערגער איי־דער די היימ־ארבעט;

2) אופּזאצנ גיבנ זיכ שטענדיק אײַנ בעסער, ווענ זיי ווערנ גע־שטעלט ווי שול־ארבעטנ, איידער ווי היימ־ארבעטנ;

3) א דיקטאט גיט בעסערע רעזולטאטנ, ווענ דער לערער זיצט ניט שטענדיק באמ פּולט, נאָר ער מאכט כאָטש איינמאָל א שפּאציר איבערנ קלאס;

4) דער אָנהייב פונ א שול־ארבעט איז שטענדיק בעסער איידער דער סאָפ;

5) דער גרעסטער דערפאָלג ווערט דערגרייכט, ווענ דער לערער רופט ארויס צומ טאָוול אונ דער שילער געפינט זיכ אונטער א באזונ־דערנ אויפזיכט פונעמ לערער;

6) עס זײַנענ פאראנ שילער, וואָס זײַנענ ביכלאל ניט אימשטאנד צו שרײַבנ קיינ שול־ארבעטנ;

7) אויב די היימ־ארבעטנ ווערנ אינ מעשעכ פונ א גרעסערער צאָל טעג ניט קאָנטראָלירט, דעמלט פארלירנ זיי אינגאנצנ זייער ווערט;

8) די היימ־ארבעט אָנ דער שול קענ ניט געבנ קיינ גוטע רע־זולטאטנ“.

ראָלער האָט אויסגעפאָרשט אויסער דער דידאקטישער זײַט אויכ די מאָראלישע זײַט פונ דער היימ־ארבעט. ער איז געקומענ צומ אויס־פיר, אז די היימ־ארבעט קענ האָבנ א נעגאטיווע ווירקונג אפ דעמ כאראק־טער פונ די שילער. די היימפארגעבונגענ קענענ סטימולירנ אויבער־פלעכלעכקײַט, אָפּגעלאָזנקײַט, ניט דערלויבטע הילפ אינ דער ארבעט, אָפּנארערײַ, קינע א. א. וו.

די נידעריקע קוואליטעט פונ דער היימ־ארבעט אינ פארגלײַכ מיט דער שול־ארבעט איז אויכ אויסגענוצט געוואָרנ דורכ די קעגנער פונ דער היימ־ארבעט, ווי א מאָטיוו, קעדיי צו דערווײַזנ, אז מע דארפ אינגאנצנ זיכ פונ איר אָפּזאָגנ אינ שול. דער דאָזיקער מאָטיוו האלט אָבער ניט אויס קיינ שום קריטיק. ווענ אפילע די נידעריקערע קוואלי־טעט פונ דער היימ־ארבעט וואָלט ווירקלעכ דערוויזנ געוואָרנ, וואָלט מענ דערפונ ניט געטאָרט מאכנ דעמ אויספיר, אז מע קאָנ זיכ פונ דער

ארבעט אָפּזאָגנ. די היימ־ארבעט פּילט אויס איר באשטימטע פונקציע אינ פּעדאגאָגישנ פּראָצעס, וואָס קענ דורכ דער שול־ארבעט בעשומויפנ ניט פארביטנ ווערנ.

די היימפארגעבונגענ שטעלנ מיט זיכ פאָר א וויכטיקנ פאקטער אינ דער דערציִונג פונ פלייסיקייט, געוויסנהאפטיקייט, זעלבסטדיסציפּלינ אונ זעלבשטענדיקייט בא די שילער. זיי דערציִענ בא די קינדער א פליכט־געפיל אונ פליכט־באוווסטזיינ. זיי לערנענ אויס די קינדער פּלאנירנ די צייט, אָרגאניזירנ די ארבעט, זעלבשטענדיק לייענענ א ביכל אונ אָנווענדנ די באקומענע אינ שול יעדיִעס צו לייזנ פארשיידענע אופגאבעס.

דאָרטנ, ווו די היימ־ארבעט ווירקט נעגאטיוו אפ דער קערפערלעכער, אינטעלעקטועלער אונ מאָראלישער אנטוויקלונג פונ די קינדער, דאָרטנ, ווו די ארבעט סטימולירט זיי צו אויבערפלעכלעכקייט, אָפּגעלאָזטקייט אונ אָפּנארעריי, דארפ מענ זוכנ די סיבע ניט אינ דעמ עצעמ פאקט פונ היימ־ארבעט, נאָר אינ דעמ, וויִאזוי די היימ-ארבעט איז אָרגאניזירט, וואָס פאר אנ אינהאלט עס ווערט אינ איר ארייננעלייגט, וויִאזוי זי ווערט אָנגעפירט אונ קאָנטראָלירט.

## וועגנ אָרגאניזאציע אונ טעכניק פונ דער זעלבשטענדיקער קינדערשער ארבעט אינדערהיימ

די לעצטע יאָרנ רופט ארויס צו זיכ א גרויסנ אינטערעס די פראגע וועגנ ראציִאָנאליזאציע אונ טעכניק פונ דער שילערישער אינטעלעקטועלער ארבעט. אינ אמעריקע זיינענ אינ מעשעכ פונ די לעצטע צענ יאָר געשטעלט געוואָרנ פילצאָליקע עקספּערימענטנ אונ פארעפנטלעכט געוואָרנ א גרויסע צאָל ארבעטנ וועגנ דער דאָזיקער פראגע.

צי איז מעגלעכ אונ נייטיק געבנ שילער א ספּעציִעלנ קורס וועגנ דער טעכניק פונ זייער אינטעלעקטועלער ארבעט? צי קענענ אזוינע ספּעציִעלע אָנווייזונגענ אונ איבונגענ „וויִאזוי צו לערנענ" פארגרעסערנ די עפעקטיווקייט פונ זייער זעלבשטענדיקער ארבעט? פארשיידענע פאָרשער האָבנ זיכ געפרווט עקספּערימענטאל לייזנ די דאָזיקע פראגע.

ו ו ד ר אָ ו האָט אָרגאניזירט צוויי עקוויוואלענטע גרופּעס. איינ

גרופּע האָט אויסגעפֿילט פֿאַרשיידענע פֿאַרגעבונגען (געלערנט אַף אויסווייניק לידער, פּראָזע, אומזיניקע טראַפֿן) אָן אַ ספּעציעלן אינסטרוקטאַזש, וויאַזוי צו לערנען. די צווייטע גרופּע האָט אויסגעפֿילט די זעלבע פֿאַרגעבונגען און דערצו באַקומען אַ ספּעציעלן אינסטרוקטאַזש וועגן דער טעכניק פֿון דער אַרבעט. אַז מע האָט נאָכדעם פֿאַרגעבן ביידע גרופּעס איינע און די זעלבע קאָנטראָל־אַרבעטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צווייטע (אינסטרוקטירטע) גרופּע האָט אַרויסגעוויזן אַסאַך גרעסערע דערגרייכונגען פֿון דער ערשטער (ניט אינסטרוקטירטער) גרופּע.

ד ז ש אָ נ ע ס (אין בופֿאַלאָ) און ב ו ו ק (אין אינדיאַנאַ) האָבן אָרגאַניזירט ספּעציעלע סעמינאַרן, אין וועלכע סטודענטן, וואָס זיינען ערשט אָנגעקומען אין דער הויכשול, האָבן טעאָרעטיש און פּראַקטיש דורכגעאַרבעט דעם קורס „ראַציאָנאַליזאַציע און טעכניק פֿון אינטעלעקטועלער אַרבעט". די סטודענטן וואָס האָבן דעם סעמינאַר דורכגעמאַכט, האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרעסערן אַקאַדעמישן דערפֿאָלג אין זייער ווייטערדיקער אַרבעט אין פֿאַרגלייך מיט די סטודענטן, וואָס האָבן דעם סעמינאַר ניט דורכגעמאַכט.

פּ ר ע ס י האָט פֿעסטגעשטעלט אַפֿן סמך פֿון אַן אַנאַלאָגישן עקספּערימענט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט 50 סטודענטן, אַז דער קורס „וויאַזוי צו לערנען" באַרעכטיקט זיך אינעם ווייטערדיקן אַקאַדעמישן דערפֿאָלג פֿון די סטודענטן.

קעדיי פֿעסטשטעלן די בעסטע מעטאָדן און די ראַציאָנעלסטע טעכניק פֿון אינטעלעקטועלער אַרבעט (וויאַזוי לייענען אַ ביכל, וויאַזוי קאָנספּעקטירן, וויאַזוי לערנען אַף אויסווייניק, וויאַזוי שרייבן אַן אויפֿזאַץ א. א. וו.) האָבן פֿאַרשיידענע אַמעריקאַנער פֿאָרשער דורכגעפֿירט ספּעציעלע אויספֿאָרשונגען.

ט ש אַ ר ט ע ר האָט אינטערוויִרט 44 קאָלעדזש־שילערנס וועגן זייער זעלבשטענדיקער אַרבעט. דער אינטערוויו מיט יעדער שילערן האָט געדויערט 45 מינוט און אַרומגעכאַפּט די פֿאָלגנדיקע פּונקטן: צופֿעליקע געוווינהייטן אין דער לערנאַרבעט, קאָנצענטראַציע און צעשטרייונג פֿון דער אויפֿמערקזאַמקייט, אינדיווידועלע און גרופּן־אַרבעט, מעטאָדן פֿון אַרבעט איבער לערנביכער, מעטאָדן פֿון צוגרייטן אַ פּלאַן, קאָנספּעקטן, מעטאָדן פֿון פֿאַרגעדענקען א. א. וו.

ג א ר ט האָט באזירט זײַנ אויספאָרשונג אפ ארויסזאָגונגענ פונ 200 שילער וועגנ דעמ, וויִאזוי זיי גרייטנ די לימודימ.

וו יי נ ל א נ ד האָט צונויפגעזאמלט יעדיִעס וועגנ דער טעכניק, מיט וועלכער עס באנוצנ זיכ אינ זייער ארבעט בעסערע און ערגערע שילער. אפנ סמאכ פונ דער דאָזיקער פאָרשונג האָט ער פעסטגעשטעלט די מעטאָדנ, וואָס גאראנטירנ אינ א גרויסער מאָס דעמ דערפאָלג פונ די בעסערע שילער.

ק ר א ו פ אָ ר ד האָט אפנ סמאכ פונ זײַנע פילצאָליקע פאָרשונגענ אָנ־געמערקט די וויכטיקסטע פּראָבלעמעס, וואָס דארפנ דורכגעארבעט ווערנ מיט די שילער אינעמ קורס „וויִאזוי צו לערנענ". מיר ברענגענ דאָ די דאָזיקע פּראָבלעמעס:

1. די פיזישע און מאטעריעלע באדינגונגענ, וואָס זײַנענ גינסטיק פארנ לערנענ;
2. ווו, ווענ און ווי לאנג לערנענ;
3. וויִאזוי צו קאָנצענטרירנ די אופמערקזאמקײַט;
4. די אלגעמיינע קלאָלימ פונ דער לערנ־פּראָצעדור;
5. וויִאזוי דורכטראכטנ און אָנווענדנ די באקומענע יעדיִעס;
6. וואָס און וויִאזוי פארפעסטיקנ אינ זיקאָרנ;
7. וויִאזוי זיכ גרייטנ צו אנ עקזאמענ און וויִאזוי זיכ האלטנ אפנ עקזאמענ.

א וי ט י און ל ע מ א נ האָבנ עקספּערימענטאל פעסטגעשטעלט, אז דאָס וויכטיקסטע אינ דער טעכניק פונ לערנענ, וואָס באשטימט אינ א גרויסער מאָס דעמ דערפאָלג, איז קענענ שנעל לייענענ אינ זיכ. צו דעמ געדאנק קומענ אפנ סמאכ פונ זייערע פאָרשונגענ אסאכ אנדערע אמעריקאנער פּעדאגאָגנ. דערפאר פארנעמענ א באזונדער אָרט אינ די קורסנ „וויִאזוי צו לערנענ" איבונגענ אפ „לייענענ אינ זיכ".

ארומ דער פראגע וועגנ ראציִאָנאליזאציע פונ דער אינטעלעקטועלער ארבעט הערשט אינ דער אמעריקאנער פּעדאגאָגיק א גרויסער טומל. ניט קיינ קליינע ראָליע שפּילט דאָ דער מאָמענט פונ רעקלאמע. אָבער אויב מיר וועלנ צוגיינ קריטיש צו די אלע קורסנ „וויִאזוי צו לערנענ" און צו די אלע מעטאָדנ פונ ראציִאָנאליזאציע, אויב מיר וועלנ זיי אָפּרייניקנ פונ די איבעריקע רעקלאמע־עלעמענטנ, וועלנ מיר אָנ

שום ס'אָפּעק אין זיי געפינען א רייי נוצלעכע אָנווייזונגען סיי בענעגייע צו די מעטאָדן פון פאָרשן די דאָזיקע פּראָבלעם, אזוי אויך בענעגייע צו די אויספירן.

דער מעטאָד, צום ביישפּיל, פון פארגלייכנדיקן אויסלערנען די ארבעט פון בעסערע און ערגערע שילער קען געוויס געבן וויכטיקע רעזולטאטן בענעגייע צו דער אויסארבעטונג פון א ראציאָנעלער לערנטעכניק.

די בעסערע שילער דערגרייכן זייערע דערפאָלגן ניט נאָר אדאנק זייערע פייקייטן און ערנסטהאפטער ארבעט, נאָר אויך אדאנק דער בעסערער אָרגאניזאציע און טעכניק פון זייער ארבעט, וואָס וואָלט געקענט איבערגעגעבן ווערן אויך אנדערע שילער און זיי ברענגען גרויסע נוצן.

מיר וועלן ברענגען נאָר איין ביישפּיל: ד. אוליאנאָוו דערציילט וועגן דעם, וויאזוי לענין פלעגט ארבעטן אף אן אופזאצ, ווען ער איז געווען א גימנאזיסט, „ווען מע פלעגט פארגעבן אף אהיים אופזאצן, פלעגט ער קיינמאָל ניט שרייבן ערעוו דעם טאָג פון דערלאנגען, אפגיכ, זיצנדיק איבער דער ארבעט א גאנצע נאכט, ווי דאָס פלעגט טאָן די מערהייט פון זיינע כאווירים גימנאזיסטן. פארקערט, ווי נאָר די טעמע איז געמאָלדן געוואָרן, און עס איז באשטימט געוואָרן דער טערמין פון אָנשרייבן, געווינלעכ א צווייוואָכנדיקער, פלעגט וולאדימיר איליטש זיכ באלד נעמען צו דער ארבעט. ער פלעגט צונויפשטעלן אף א פערטל פאפיר דעם פלאן פונעם אופזאצ מיט אן ארייַנפיר און שלוס. נאָכדעם פלעגט ער נעמען א בויגן פאפיר, אים צונויפלייגן אין צווייען אין דער לענג, און אף דער לינקער זייט אָנווארפן דעם טשערנאָוויק, פאנאנדערשטעלנדיק אויסיעס און ציפערן אין העסקעם מיטן אָנגעמערקטן פלאן. די רעכטע זייטן פונעם בויגן, אָדער ברייטע קאנטן, פלעגט ער איבערלאָזן ריינע. אף זיי פלעגט ער אין די ווייטערדיקע טעג פארשרייבן דערגאנצונגען, דערקלערונגען, קאָרעקטיוון און אויך ליטעראטור־אָנווייזונגען—זע דאָרט און דאָרט, זייט אזא און אזא.

ביסלעכווייז, טאָג נאָכ טאָג, פלעגט די רעכטע זייטן פונעם בויגן אף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן דער ערשטער טשערנאָוויק, פארפולט ווערן מיט א גאנצער רייי אָנמערקונגען, קאָרעקטיוון, אָנווייזונגען,

א. א. וו. נאָכדעם, א פּאָר טעג פאַרן טערמינ פונ דערלאנגענ דעמ אופזאצ, פלעגט ער נעמענ א ריינעמ בויגנ פּאַפּיר און אָנשרייבנ דעמ גאנצנ אופזאצ אפ שווארצ, אָנקומענדיק צו די נאָטיצנ אינ פארשיידענע ביכלעכ, וואָס זיינענ שוינ בא אימ געווענ צוגעגרייט פונ פריִער. איצט איז אימ געבליבנ נאָר נעמענ א ריינעמ העפט און איבערשרייבנ מיט טינט אפ ריינס דעמ פולשטענדיק באארבעטנ און פארטיקנ אופזאצ".

מיר זעענ, אז בא לעגינענ דעמ גימנאַזיסט איז געווענ א גוט פאַנאנדערגעארבעטע טעכניק פונ ארבעטנ אפ אנ אופזאצ. די דאָזיקע טעכניק, וואָס לעגינ האָט אליינ פאר זיכ דערפונדנ און פאנאנדערגעארבעט, וואָלט אָנ שומ סאָפעק געקענט זיינ נוצלעכ אויכ פאר אנדערע שילער.

וויפל זיינענ פאראנ אזוינע ראציאָנעלע מעטאָדנ און מיטלענ פונ ארבעט, וואָס פייקערע שילער דערפינדנ און ארבעטנ פאר זיכ פאנאנדער און וואָס וואָלטנ געקענט רעקאָמענדירט ווערנ פאר אלע שילער?

די אופגאבע פונ דער פּעדאגאָגישער פאָרשונג באשטייט אינ אויסגעפינענ, דיסקאָנטירנ און פאראלגעמיינערנ די בעסטע מעטאָדנ, מיט וועלכע ס'באנוצנ זיכ מיט דערפאָלגנ אייניקע פייקערע שילער אינ זייערע ארבעטנ; אָנווענדנדיק דעמ דאָזיקנ מעטאָד און א ריי אנדערע מעטאָדנ דארפ אונדזער פּעדאגאָגיק פאנאנדערארבעטנ די מעטאָדיק און טעכניק פונ אינטעלעקטועלער ארבעט, און דער לערער דארפ סיסטעמאטיש דורכשטופּנ די דאָזיקע מעטאָדיק אינ דער פּראקטיק פונ דער שילער-מאסע.

## אונדזערע פאָרשונגענ

פאר אונדז שטייט ניט די פראגע וועגנ דעמ, צי דארפ מענ פארגעבנ די קינדער ארבעט אפ אהיימ אָדער ניט. מיר האָבנ קלאָרע דירעקטיווג פונ אונדזער פּארטיי וועגנ דער נויטיקייט און באדייטונג פונ די היימפּארגעבונגענ פארנ פּראָצעס פונ באהערשנ פעסטע ידיִעס און אנטוויקלענ געוווינהייטנ און קענטעענישנ פונ זעלבשטענדיקער ארבעט. די פראגע איז, וויִאזוי די היימפּארגעבונגענ אוועקצושטעלנ, וואָס פאר אנ אינהאלט אינ זיי ארייננלייגנ, וויִאזוי זיי ראציאָנאליזירנ. צוליב דער

לייזונג פונ דער דאָזיקער פראגע איז פריִער פונ אלצ נויטיק אויסלערנענ דעמ פאקטישנ צושטאנד פונ די היימפארגעבונגענ אינ אונדזערע שולנ, אויפדעקנ די טיפּישע כעסרוינעס אינ דער דאָזיקער ארבעט, די ספּעציפישע שוועריקייטנ, אפ וועלכע זי שטויסט זיכ אָנ, די מיטלענ אונ וועגנ, מיט וועלכע די בעסערע לערער קעמפנ קעגנ די דאָזיקע כעסרוינעס אונ שוועריקייטנ. אָט די אלע פראגנ האָבנ מיט זיכ פאָרגעשטעלט דעמ ציל פונ אונדזערע פאָרשונגענ, וואָס ווערנ פובליקירט אינ דעמ דאָזיקנ ביכל.

די פאָרשונגענ זיינענ דורכגעפירט געוואָרנ אינ די לערניאָרנ 1932־1933 אונ 1933־1934. די כ־טע שניידערמאנ האָט געפאָרשט דעמ צושטאנד פונ די היימפארגעבונגענ אינעמ 1־טנ קאָנצענטער פונ די קיִעווער ייִדישע שולנ אונ פונ די בעסערע מאָסקווער שולנ. דער כ׳ סאפּיאנ האָט דורכגעפירט אנאלאָגישע פאָרשונגענ אינעמ צווייטנ קאָנצענטער פונ די קיִעווער ייִדישע שולנ.

די פאקטנ, וואָס זיינענ דורכ די דאָזיקע פאָרשונג פעסטגעשטעלט געוואָרנ, מאָלנ א גאנצ טרויעריקנ בילד פונ דעמ צושטאנד, אינ וועלכנ עס האָט זיכ צו יענער צייט געפונענ די אָרגאניזאציע פונ היימפארגעבונגענ אינ אונדזערע שולנ. פונ דעמאלט אָנ אָבער האָט זיכ די לאגע באדייטנדיק געענדערט. די גאנצע לערנארבעט האָט זיכ אויפגעהויבנ אפ א העכערער שטופע, אונ אויכ די אָרגאניזאציע פונ די היימפארגעבונגענ האָט זיכ אָנ שומ סאָפעק באדייטנדיק אויסגעבעסערט. צי הייסט עס אָבער, אז בא הייַנטיקנ טאָג איז שוינ די פּראָבלעמ אינגאנצנ געלייזט געוואָרנ? בעשומויפנ נישט. די אלע כעסרוינעס, וואָס די פאָרשונגענ האָבנ פאראיאָרנ אונ פאר צוויי יאָרנ אויפגעדעקט, זיינענ ביז הייַנטיקנ טאָג נאָכ ניט אויסגעלעבט געוואָרנ אינ אונדזערע שולנ. עמעס, זיי זיינענ פאָרגעשטעלט אינ אסאכ א קלענערער צאָל שולנ אונ אינ אסאכ א קלענערער מאָס. עס זיינענ באדייטנדיק אָפּגעשוואכט געוואָרנ די שוועריקייטנ, וואָס די ראציִאָנעלע אָרגאניזאציע פונ דער היימ־ארבעט באגעגנט, אָבער אינגאנצנ זיינענ נאָכ די דאָזיקע שוועריקייטנ ניט באזייטיקט געוואָרנ. אָט פארוואָס די פאָרשונגענ האָבנ ניט פארלאָרנ זייער אקטועלע באדייטונג אפילע אינ דער טייל, אינ וועלכער עס רעדט זיכ וועגנ דעמ פאקטישנ צושטאנד פונ די היימ־

פארגעבונגענ אינ יענער צײַט. דער דיסקאָנט פונ די כעסרוינעס, וואָס זײַנענ דעמלט אופגעדעקט געוואָרנ, אונ די אָנווײַזונגענ, וויאַזוי זיי באזײַטיקנ, קענענ אונדז דינענ צוליב דער ראציאָנאליזאציע פונ די היימפארגעבונגענ אויכ אינ די נאָענטסטע קומענדיקע יאָרנ. מיר וועלנ דאָ אויסרעכענענ די וויכטיקסטע כעסרוינעס, וואָס זײַנענ לויט אונדזערע פאָרשונגענ אונ באאָבאכטונגענ אמייגסטנס פארשפרייט אינ דער ארבעט פונ אונדזערע שולנ:

1. דער לערער האָט ניט שטענדיק קיינ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגנ דעמ, וואָס איז דער ציל פונ די היימפארגעבונגענ, וואָס פאר אנ אינהאלט דארפ מענ אינ זיי ארײַנלייגנ. דערמיט דערקלערט זיכ אָפט די צופעליקײַט אינעמ אויסוואל פונ ארבעט פאר די היימפארגעבונגענ אונ אינ די פאָדערונגענ צו זיי.

2. אייניקע לערער דערשאצנ ניט די היימפארגעבונגענ. דאָס דריקט זיכ אויס אינ דער ניט סיסטעמאטישער אָנווענדונג פונ דער דאָזיקער ארבעט־פאָרמ אונ אינ דער שוואכקײַט פונ דיסקאָנט אונ קאָנטראָל.

3. אנדערע לערער שאצנ איבער די ראָליע פונ דער זעלבשטענדיקער ארבעט פונ די קינדער אינדערהיימ. דער קלאסנלימעד בא אזוינע לערער באשטייט קימאט אויסשליסלעכ פונ פארהערנ די קינדער אונ פארגעבנ זיי ארבעט אפ אהיימ. דער וויכטיקסטער מאָמענט פונ דער לערנארבעט, די פאנאנדערארבעטונג אונ דערקלערונג פונ נײַעמ מאטעריאל, ווערט איבערגעטראָגנ אפ דער היימ־ארבעט.

4. דער אינהאלט פונ די היימפארגעבונגענ איז מערסטנטיילס זייער איינארטיק. ער באשטייט אינ פארפעסטיקנ דעמ מאטעריאל, וואָס איז דורכגעארבעט געוואָרנ אפנ לימעד אינ קלאס. עלעמענטנ פונ זעלבשטענדיקער באזיניקטער ארבעט איבערנ מאטעריאל, פונ זעלבשטענדיקנ באאָבאכטנ אונ זעלבשטענדיקנ דענקענ זײַנענ זייער ווייניק פאָרגעשטעלט אינ די היימפארגעבונגענ.

5. אייניקע לערער רעכענענ ניט אויס די צײַט אונ די קויכעס פונ די קינדער. זיי פארגיבנ אָדער צופיל אָדער צו ווייניק ארבעט. מערסטנטיילס האָבנ זיי ניט קיינ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגנ דעמ, וויפל צײַט דארפ פארנעמענ אונ וויפל צײַט פארנעמט פאקטיש בא די קינדער די אָדער יענע ארבעט.

6. פאַרשיידענע לערער פונ איינ קלאַס קאָאָרדינירנ ניט צווישנ זיכ די באזונדערע היימפארגעבונגענ. אדאנק דעמ איז די אָנלאָדונג פונ די קינדער אינ מעשעכ פונ וואָכ ניט קיינ גלייכמעסיקע (אייניקע טעג צופיל ארבעט, אנדערע — צו ווייניק).

7. דער פראָצעס פונ פארגעבנ די ארבעט אפ אהיימ איז אָפטמאָל א ריינ מעכאנישער. מע באגנוגנט זיכ בלויז מיט אָנווייזונ, וואָס צו טאָנ אונ מע באווייזט ניט, וויאזוי צו טאָנ. אונ אפילע די אָנווייזונ-גענ וואָס צו טאָנ זיינענ אויכ ניט שטענדיק גענוג קלאָר אונ באַ-שטימט.

8. זעלטנ ווענ די לערער גיבנ די קינדער אלגעמיינע אָנווייזונגענ, וויאזוי צו ארבעטנ, וויאזוי אָרגאניזירנ די צייט, פלאנירנ די ארבעט, ראציאָנעל אויספילנ די אָדער יענע פארגעבונג א.א.וו.

9. דער קאָנטראָל אונ דער דיסקאָנט פונ די היימ־ארבעטנ איז אויכ ניט שטענדיק אפ דער געהעריקער הייכ. די פראָבלעמ פונ אויספא-ריכטנ די קינדערשע פעלערנ, אונ ניט נאָר אויספאריכטנ אינ די העפטנ, נאָר טאקע בא די קינדער גופע, די פראָבלעמ פונ סיסטעמאטישנ די-אגנאָז אונ קאָרעגירונג פונ די דעפעקטנ, וואָס ווערנ דורכ די פעלערנ אינ די היימ־ארבעטנ אופגעוועקט,— די דאָזיקע פראָבלעמ שטייט נאָכ פאר אונדז זייער שארפ, ווי א נייַ ניט אויסגעפאָרשט פעלד.

10. די ארבעט גופע פונ די קינדער אינדערהיימ ווערט אָפט דורכ-געפירט אינ אנטיהיגיענישע אונ אנטיפעדאגאָגישע באדינגונגענ. דאָ באמערקנ זיכ די פאָלגנדע טיפישע כעסרוינעס:

א) די קינדער האָבנ ניט קיינ איינגעשטעלטנ רעזשימ. אמאָל מאכנ זיי די היימפארגעבונגענ באלד נאָכ קומענ פונ שול, אמאָל פארנ שלאָפ.

ב) די קינדער פלאנירנ ניט זייער ארבעט. געוויינלעכ לייגנ זיי אָפ אלע פארגעבונגענ אפנ לעצטנ טאָג פארנ טערמינ פונ דערלאנגענ די ארבעט, אונ אינ דעמ טאָג פארזיצנ זיי זיכ ביז שפעט אינ דער נאכט.

ג) דער ארבעטס־אָרט איז זעלטנ ווענ ראציאָנעל איינגעאָרדנט. אָדער די קינדער האָבנ גאָר ניט קיינ באשטימטנ ארבעטס־אָרט, אָדער ער איז פאר זיי ניט צוגעפאסט, ווערט ניט געהאלטנ אינ אָרדענונג א. אז. וו.

ד) די ארבעטספּלעצער און די באַלײַכטונג אַנטשפּרעכן ניט די פאָדערונגען פֿון היגיענע.

ה) די קינדער באַנוצן אין זײער לערנאַרבעט ניט ראַציאָנעלע מעטאָדן. צ. ב., זײ כאַזערן געדיכטן אױף אױסװײניק שטיקלעכװײַז, זײ סטאַרען זיך מעכאַניש פֿאַרגעדענקען, אַנשטאָט פֿאַרשטײן, זײ הײבן אָן לײזן אַן אַריפֿמעטישע אױפֿגאַבע פֿון זוכן דעם פֿאַרטיקן ענטפֿער אינעם שליסל פֿון אױפֿגאַבער א.א.װ.

11. די עלטערן שטערן צומאָל דער אַרבעט פֿון די קינדער אינדערהײם. אײניקע פֿאָדערן פֿון זײערע קינדער צופֿיל זיצאַרבעט. אַנדערע, פֿאַרקערט, נעמען אָפּ בײַ די קינדער די גאַנצע צײַט, אָנלאָדנדיק זײ מיט שטוביקע אַרבעט.

12). אײניקע עלטערן גיבן ניט די קינדער קײן הילף אין זײער אַרבעט, דעמלט װען זײ נײטיקן זיך אין דעם: זײ אינטערעסירן זיך פֿאַשעט ניט מיט דער לערנאַרבעט פֿון זײערע קינדער. אַנדערע, פֿאַרקערט, גיבן צופֿיל הילף. פֿאַקטיש טוען זײ אַלײן אָפּ פֿאַר די קינדער די גאַנצע אַרבעט.

13. די שול פֿירט ניט קײן סיסטעמאַטישע אַרבעט אױף אױסלערנען די באַדינגונגען פֿון דער קינדערשער זעלבשטענדיקער אַרבעט אינדערהײם.

14. כאָטש די לעצטע צײַט האָט זיך פֿאַרשטאַרקט די אַרבעט פֿון דער שול מיט די עלטערן, דאָך איז נאָך זײער װײניק געטאָן געװאָרן צוליב אױפֿקלערן די עלטערן זײערע פֿליכטן און אױפֿגאַבן בענוגע צו דער זעלבשטענדיקער אַרבעט פֿון די קינדער אינדערהײם, צו באַקענען זײ מיט די עלעמענטן פֿון היגיענע און ראַציאָנאַליזאַציע פֿון דער קינדערשער אַרבעט.

די מערהײַט פֿון די דאָזיקע כעסרױנעס קענען גרינג באַזײַטיקט װערן מיט דער הילף פֿון אַדמיניסטראַטיװ-אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּעדאַגאָגיש-אױפֿקלערערישע מיטלען. א גרױסע ראָליע אין דער באַזײַטיקונג פֿון די דאָזיקע פֿעלערן דאַרף שפּילן דער קלאַסנפֿירער. די ראַציאָנאַליזאַציע פֿון די הײמפֿאַרגעבונגען און די אָרגאַניזאַציע פֿון דער זעלבשטענדיקער אַרבעט אין דער הײם דאַרף װערן אײנער פֿון די װיכטיקסטע זאָרגן פֿונעם קלאַסנפֿירער.

אייניקע פראגנ פאָדערנ צוליב זייער לייזונג ווײַטערדיקע פאָרשונגענ, באָבאַכטונגענ פונ די בעסטע מוסטערנ פונ דער שולארבעט אונ אויכ עקס־פערימענטנ. די וויכטיקסטע פונ די דאָזיקע פראגנ זײַנענ די פאָלגנדיקע:

1) אָרגאניזאציע אונ טעכניק פונ דער קינדערשער ארבעט אינ־דערהיימ.

2) די ראציאָנאליזאציע פונעמ לערנביכל ווי א וויכטיקער מאכשיר, פונ דער זעלבשטענדיקער לערנארבעט.

3) מאנאנדערארבעטונג פונ הילפסביכער אונ מאכשירימ פאר דער זעלבשטענדיקער ארבעט.

4) מעטאָדנ פונ אינסטרוקטירנ אונ דיסקאָנטירנ די זעלבשטענדיקע ארבעט פונ די קינדער.

5) דיאַגנאָז אונ קאָרעגירונג פונ קינדערשע פעלערנ אונ דעפעקטנ.

## ליטעראטור:


1. Лео Бургерштэйн и Август Нетолицкий. „Руководство по школьной гигиене“. Часть II.
2. Эрнст Мейман. „Лекции по экспериментальной педагогике“. ч. II, 2 изд.
3. В. А. Лай „Экспериментальная дидактика“.
4. Д. И. и М. И. Ульяновы. О Ленине.
5. Rein. Encyclopädisches Handbuch der Pädagogik. Band I.
6. W. Rein. Die Erziehung des Kindes.
7. I. Tews. Grosstadtpädagogik.
8. A. Schmieder. Allgemeine Unterrichtslehre.
9. Charters. Methods of teaching.
10. H. Wilson, G. Kyte and H. Jull. Modern metods in teaching.
11. Carter V. Good. Teaching in college and university..
12. H. Woodrow. Tue effect ot typ of training upon trasference. Journal of educational psychology. 1927, p. 159.
13. D. Weinland. How successful college studens study. Journal of educational psychology. 1930, p. 521.
14 G. M. Whipple. Experiments in teaching students now to study. Journal of educational Research. 1929, p. I.
15. Проф. Г. М. Уиппл. Как нужно заниматься? Москва 1926,
16. Проф. Краудфорд. Методика умственной работы. Москва 1929.

ע. שנײַדערמאנ

# די היימפארגעבונגענ אינ דער אָנפאנג-שול

## די באַדײַטונג פונ דער היימ־ארבעט

ביז די היסטאָרישע באשלוסנ פונ צ. ק., וואָס האָבנ אונדזער שול א קער געטאָנ מיטנ פּאָנעמ צומ באהערשנ יעדיִעס אונ קענטעניש, איז די באציִונג צו פארגעבנ לימודימ אפ אהיימ פראקטיש געווענ א נעגאטיווע. די טעאָריע וועגנ אָפּשטארבנ פונ דער שול אונ די קאָמפּלעקס־סיסטעמ האָבנ, איגנאָרירנדיק די טעאָרעטישע קענטענישנ, זיכ ניט גענייטיקט אינ פארגעבנ לימודימ אהיימ: ארבעט אויסער די ווענט פונ שול האָבנ זיי אנערקענט דעריקער איינע—געזעלשאפטלעכ־נוצלעכע די זאָרגנ וועגנ העכערנ, פארטיפערנ די טעאָרעטישע יעדיִעס פונ די קינדער איז ניט געווענ. מע האָט די היימ־ארבעט איגנאָרירט. אינ שול גופע האָט מענ ניט געלייגט קיינ אכט, אז די שילער זאָלנ דאָרטנ באקומענ א סיסטעמאטישנ קרײַז יעדיִעס, איז צו וואָס דארפ מענ נאָכ האָבנ די היימ־ארבעט? פארגעבנ אהיימ לימודימ האָט מענ געהאלטנ פאר אנ אנאכראָניזמ פונ דער אלטער מושטריר־שול. דער פעדאגאָג פלעגט אָנקומענ צו די היימפארגעבונגענ נאָר דעמלט, ווענ ס'האָט שוינ געהאלטנ מיטנ דורכגייענ די פראָגראמ גאָר שמאָל,—ווענ מע האָט געמוזט „אָניאָגנ”, אונ דאָס דעריקער אינ 2־טנ קאָנצענטער. אינ ייִנגערנ קאָנצענטער האָט מענ עס מערסטנטייל געהאלטנ פאר א „ניט־פעדאגאָגישנ” מיטל.

פארגעבנ לימודימ אהיימ אלס א פּרינציפּ, אלס אנ אָרגאנישער באשטאנדטייל פונ גאנצע לערנ־פראָצעסנ,—דאָס איז געווענ דער קאָמ־

פלעקס־סיסטעם און דעם פּראָעקטנ־מעטאָד פּרעמד און אפילע „קלאסנ־פײַנטלעכ". די לערער, וואָס האָבנ יאָ שטילערהייט סיסטעמאטיש פאר־געבנ די קינדער לימודים אפּ אהיימ האָט מענ געהאלטנ פאר אָנהענגער פונ דער אלטער ווערבאלער שול.

דאָס איגנאָרירנ די היימ־ארבעט איז אָנ סאָפעק אויכ א ריִנגעלע אינ דער גאנצער קייט סיבעס, וואָס האָבנ געבראכט דערצו, וואָס „דאָס לערנענ אינ שול גיט ניט קיינ גענוגנדיקנ סכומ יעדיִעס פונ אלגעמיי־נער בילדונג און לייזט ניט באפרידיקנדיק די אופגאבע צוצוגרייטנ פאר די טעכניקומס און הויכשולנ אינגאנצנ גראמעטנע מענטשנ, וואָס באַ־הערשנ גוט די יעסוידעס פונ וויסנשאפט" (פיזיק, כימיע, מאטעמאטיק, מוטערשפראכ. געאָגראפיע א. א.). (באשטימונג פונ צ. ק. פונ 5/IX 1931 יאָר).

אינ דער באשטימונג פונעמ 25־טנ אווגוסט 1932 יאָר גיט אונדז דער צענטראל־קאָמיטעט א דירעקטע אָנווייַזונג איַינצופירנ היימפאר־געבונגענ אינ אונדזער שול: „די פּראָגראמ פונ מוטערשפראכ דארפ זיכערנ, מע זאָל באהערשנ א ווירקלעכ־סיסטעמאטישנ און פינקטלעכ־באשטימטנ קרייַז יעדיִעס, ווי אויכ פעסטע געניטקייַטנ אינ ריכטיק לייענענ, שרייַבנ און אינ דער מונדלעכער שפּראכ, אייַנפירנדיק אינ דער פּראקטיק פונ דער לערנארבעט פונ די שי־לער זעלבשטענדיקע שריפטלעכע ארבעטנ, גראמאטישנ אנאליז א. א. וו. אינ קלאס, אזוי אויכ אינדערהיימ. (באשטימונג פונ צ. ק. פונ 25 אווגוסט 1932 יאָר (אונטערגעשטראָכנ דורכ אונדז.—ע. ש.),

דער צ. ק. ווייַזט אפילע אָנ, וועלכע מינימ פארגעבונגענ דארפנ ווערנ פּראקטיקירט:

„דער לערער איז מעכויעוו סיסטעמאטיש און קאָנסעקווענט איבער־געבנ די דיסציפּלינ, וואָס ער אונטעריכט, מיט אלע מיטלענ צוגעווי־נענ די קינדער צו ארבעטנ איבערנ לערנבוכ און ביכל, צו פארשיידענע זעלבשטענדיקע שריפטלעכע ארבעטנ, צו אר־בעטנ אינ קאבינעטנ, אינ לאבאָראטאָריעס און לערנ־ווארשטאטנ. אינ דער דאָזיקער ארבעט דארפ דער לערער מיט אלע מיטלענ מיטהעלפנ די קינדער, ווענ עס טרעפנ זיכ בא זיי שוועריקייַטנ אינ זייערע לימו־דימ. מע דארפ סיסטעמאטיש צוגעווינענ די קינדער

זעלבשטענדיק צו ארבעטנ, ברייט פראקטיקירנ פאר שיידענע פארגעבונגענ לויט דער מאָס, ווי זיי באהערשנ א באשטימטנ קורס יעדיעס (לייזנ אופגאבעס אונ איבונגענ צוגרייטנ מאָדעלנ, ארבעטנ אינ לאבאָראטאָריעס, זאמלענ הערבאריומס, אויסנוצנ די שול־גערטנער צוליב לערנ־צוועקנ) א. א. וו. (אונטערגע־ שטראָכנ דורכ אונדז.—ע. ש.).

ארויסגייענדיק פונ דער וויכטיקייט פונ דער דאָזיקער פראָבלעמ פאר ליקווידירנ דעמ גרונט־כיסאָרנ פונ שול אונ פונ דער דירעקטער אָנווייזונג פונ צענטראל־קאָמיטעט פונ אונדזער פארטיי—,אז מע דארפ קאָנצענטרירנ די ארבעט פונ די געהעריקע פאָרשונג־אינסטיטוטנ דערי־ קער אפ אויסלערנענ אונ פאראלגעמיינערנ די אָנגעזאמלטע דערפארונג פונ די פראקטישע שול־ארבעטער", האָט די פעדאגאָגישע סעקציע פונ אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור פונ דער אלוקראינ־ שער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע באשלאָסנ זאמלענ די דערפארונג פונ די בעסטע לערער אויכ אינ געביט פונ היימ־ארבעט אונ באקענענ מיט דער דאָזיקער דערפארונג די ברייטע לערנ־מאסנ. פאָלגנדיק די אָנוויי־ זונגענ פונ צ. ק., האָבנ מיר זיכ אינ דער דאָזיקער ארבעט געפרווט די דערפארונג פאראלגעמיינערנ אונ געבנ געוויסע מעטאָדישע אויס־ פירנ אונ אָנווייזונגענ.

## די פאקטישע לאגע

ווי האלט עס איצט מיט דער פראגע? צי האָט די ברייטע מאסע לערערשאפט באנומענ די וויכטיקע באדייטונג פונ ריכטיק אוועקשטעלנ די היימ־ארבעט?

אפנ סמאכ פונ די אויספאָרשונגענ, וואָס מיר האָבנ דורכגעפירט, קענענ מיר זאָגנ, אז ווייט ניט אלע לערער האָבנ די זאכ באנומענ. פיל פעדאגאָגנ דערשאצנ ניט די וויכטיקייט פונ דער דאָזיקער פראָבלעמ, די היימ־ארבעט איז היינט־צו־טאָג א פארלאָזטער גע־ ביט אינ דעמ פעדפראָצעס. אָפטמאָל שפילט די היימ־ארבעט קיינ שום ראָל ניט; אינ בעסטנ פאל איז זי א זאכ, וועגנ וועלכער מע רעדט אונ מע טראכט זייער ווייניק—א זאכ פונ א צווייט־דריטראנגיקער באדייטונג...

די באַציִונג פונ פעדאַגאָג באַשטימט, פאַרשטייט זיכ, אויכ די באַציִונג פונ די שילער צו דער היימ־אַרבעט. זײַנענ די רעזולטאַטנ טאַקע זייער טרויעריקע.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער לײַכטשעצנדיקער באַציִונג צו דער היימ־אַרבעט איז דער פאַקט, וואָס אינ די טאָג־פּלענער פונ די פעדאַגאָגנ ווערט די היימ־אַרבעט זעלטנ אָנגעוויזנ.

די היימ־אַרבעט טראָגט צומייִנסטנ א ריינ צופעליקנ כאַראַקטער. וועגנ דעמ, וואָס פאַרגעבנ אַהיימ, טראַכט אַמווייניקסטנ דער פעדאַגאָג. גאַנצ אָפט פאַרגיט מענ אַהיימ דאָס, וואָס ס׳קומט גראָד אײַנ קאָפּ אינ גאַנג פונעמ אורעק.

ווי אנ אַלגעמיינע דערשײַנונג קענ מענ רעכענענ דאָס ניט קענענ אָרגאַניש פאַרבינדנ די היימ־אַרבעט מיטנ גאַנג פונ אורעק, דאָס ניט קענענ אײַנפלעכטנ די היימ־אַרבעט אינ דער גאַנצער שול־אַרבעט, דאָס ניט קענענ דיסקאָנטירנ די היימ־אַרבעט א. א. וו. אינ דער פעדאַגאָגישער פרעסע אונ ליטעראַטור איז די פראַגע ביז איצט קימאַט אינ גאַנצ ניט באַהאַנדלט געוואָרנ. אַז דער דאָזיקער פראַגע גיבנ ביז הײַנטיקנ טאָג ניט אָפּ די מינדסטע אויפמערקזאַמקײַט אונדזערע לעקטאָרנ פונ פעדאַגאָגיק אינ די פעדהויכשולנ אונ פעדטעכניקומס, באַווײַזט דער פאַקט, וואָס אינ דער פראָגראַמ אָפּ פעדאַגאָגיק איז גאָר אַזא טעמע ניט פאַראַנ.

די באַציִונג צו דער היימ־אַרבעט מוז קאַרדינאַל געביטנ ווערנ סײַ מיצאַד די לערער, סײַ מיצאַד די שילער, סײַ מיצאַד דער פעדאַגאָגישער געזעלשאַפטלעכקייט.

די היימ־אַרבעט פונ די קינדער מוז ווערנ א מעכטיקער הייבער אינ דער גרויסער אַרבעט, וואָס אונדזער שול פירט איצט.

אינ יעדנ אַרבעט־פּלאַנ דאַרפ אָנגעוויזנ ווערנ גענוי, וואָס פאַר א היימ־אַרבעט וועט צו דער טעמע געגעבנ ווערנ. ס׳מוז נעמענ א סאָפּ צו דער צופעליקײַט אונ פּלאַנלאָזיקײַט, וואָס הערשט אינ דעמ געביט, די היימ־אַרבעט מוז ווערנ אַנ אָרגאַנישער גליד פונ גאַנצנ פעדפראָצעס.

עס מוז פאַרשאַרפט ווערנ די אויפמערקזאַמקײַט פונ די לערער מאַסנ צו דער דאָזיקער פראַגע. מע דאַרפ, אַז די פראַגע זאָל באַהאַנדלט ווערנ אינ דער פעד. ליטעראַטור, מע דאַרפ אויסאַרבעטנ די מעטאָדיק פונ פאַרגעבנ לימודימ אַהיימ. די בעסטע לערער־פּראַקטיקער

דארפֿן זיך טיילן מיט זייער דערפֿארונג אין דעם געביט אַף די שפּאַלטן פֿון דער „פֿעד. פּרעסע. צו די אויפֿגאַבעס פֿון די מוסטער־שולן דאַרף אויך צוגעגעבן ווערן די אויפֿגאַבע צו ווייזן, וויאַזוי אָנ־פֿירן מיט דער היים־אַרבעט.

## וואָס און וויאַזוי ווערט פֿאַרגעבן אַהיים?

די אויספֿאָרשונג ווייזט, אַז דעם גרעסטן אָרט אין די פֿאַרגעבענע היים־לימודים פֿאַרנעמט דער טרעניר־מאַטעריאַל, וואָס האָט די אויפֿגאַבע צו פֿאַרפֿעסטיקן די באַקומענע קענטעניש אַף די אורעקן.

וועלכן אָרט פֿאַרנעמען אויפֿגאַבעס, וואָס טראָגן אַ כאַראַקטער פֿון זעלבשטענדיקער אַרבעט?

בא זייער אַ גרויסן פּראָצענט לערער באַשטייט קימאַט די גאַנצע היים־אַרבעט נאָר אין מאַכן קאָלאָנקעס, אַראָפּשרײַבן פֿון בוך אין העפֿט, איבערלייענען פֿון דאַנען ביז דאַנען און מער גאָרניט. אַזוי טאָג־אויס, טאָג־איין. בא אַזעלכע פּעדאַגאָגן ווייסן שוין די קינדער, געוויינלעך, פֿון פֿריער, אַז היינט, פּונקט אַזוי ווי נעכטן, וועט מען אינדערהיים דאַרפֿן לייזן אַ קאָלאָנקע מיט איין נומער ווײַטער ווי נעכטן. אַראָפּשרײַבן פֿון בוך עטלעכע שורעלעך ווײַטער ווי נעכטן.

די אָנפֿראַגעס פֿון די קינדער וועגן דער היים־אַרבעט געווענדעט צו דעם פּעדאַגאָג קלינגען אין אַזאַ קלאַס, געוויינלעך, אַזוי: „כאַ־ווערטע סימע, וועלכן נומער קאָלאָנקע דאַרפֿן מיר היינט אויסרעכענען?“ אָדער: „פֿון וועלכן זײַטל זאָלן מיר היינט אַראָפּשרײַבן“ א. א. וו.

אַ גרויסן טייל קינדער רעגט ווייניק די דאָזיקע היים־אַרבעט, זיי האָבן פֿאַר איר זייער אַ קליינעם אינטערעס. דעריבער באַציִען זיי זיך אָפּט צו די היים־לימודים פּונקט אַזוי, ווי צום אָפּקומען אַ ניט־אינטערעסאַנטע פֿליכט.

צי איז דערפֿון געדרונגען, אַז אין די היים־אַרבעטן דאַרף דער טרעניר־מאַטעריאַל קיין אָרט ניט פֿאַרנעמען? בעשום־אופֿן טאָר מען דאָס אַזוי ניט פֿאַרשטיין.

איבונגען זײַנען און דאַרפֿן פֿאַרבלײַבן אַ זייער וויכטיקער עלע־מענט אין די היים־אַרבעטן. איינע פֿון די וויכטיקסטע אויפֿגאַבעס, וואָס

די הײמפארגעבונגענ זײַנענ בארופנ צו שפּילנ—איז דאָס העלפנ פאר־פעסטיקנ די קענטענישנ, וואָס דער שילער באקומט אינ קלאס אפנ אוראָק. אלזאָ, א י ב ו נ ג ע נ, ט ר ע נ י ר ־ מ א ט ע ר י א ל א י ז ז ײ ע ר נ ײ ט י ק,—זײ העלפנ צו באקומענ א פעסטנ סיסטעמאטישנ קרײַז קענ־טענישנ און דערמיט ליקווידירנ דעמ גרונט־כיסאָרנ פונ אונדזער שול. אָבער מענ בײגט אריבער דעמ שטעקנ. פאראנ קלאסנ, אינ וועלכע מע האָט אינ מעשעכ פונ עטלעכע וואָכנ, וואָס מיר האָבנ זײ באאָבאכטעט, ניט פארגעבנ אהײמ קײנ אײנ זעלבשטענדיקע ארבעט, נאָר איבונגענ און איבונגענ, געכטנ אזוי ווי אײערנעכטנ, הײַנט אזוי ווי נעכטנ. מיר זײַנענ דאָכ ווײַט ניט פארינטערעסירט צו אנטוויקלענ בא די קינדער דורכ דער הײמ־ארבעט אויסשליסלעכ נאָר ליבע צו דער מעכאנישער ארבעט. די הײמ־ארבעטנ האָבנ נאָכ אסאכ אנדערע ברײטע אופ־גאבעס. ניט געקוקט אפ זײער גרויסער באדײַטונג, טאָרנ בעשומויפנ די איבונגענ ניט זײַנ די אײנציקע פאָרמ פונ דער הײמ־ארבעט. די איבונגענ גופע מוזנ אויכ טראָגנ א פארשײדנארטיקנ כאראקטער. זײ דארפנ צוגעטראָגנ ווערנ אזוי, אז זײ זאָלנ פאר די קינדער פאָרשטעלנ א באשטימטנ אינטערעס, זײ זאָלנ ווי ווײַט מעגלעכ, וועקנ זײער זעלבשטענדיקײַט און שעפערישקײַט. אינ די הײמפארגעבונגענ מוז פארנעמענ אנ אָרט די זעלבשטענדיקע ארבעט, די פאָרש־ארבעט, דער פרווו. פארשטײט זיכ,—דער פעדאגאָג מוז האָבנ פעסט אײנזײנענ, אז אָנ געניטע אָנווײַזונגענ, וויאזוי די ארבעט צו מאכנ, אָנ א צעטל פרא־געס, אָנ סכעמעס, געווענדט צו יעדער ארבעט באזונדער, טאָר אזא ארבעט ניט געגעבנ ווערנ. די דאָזיקע מעטאָדנ פונ ארבעט זײַנענ דאָכ ניט ווײניקער מעסוגל צו פארפעסטיקנ די קענטענישנ, ווי דער הײַלער מעכאנישער טרענאזש.

## דאָס אָרט פונ זעלבשטענדיקע ארבעטנ אינ די הײמפאר־געבונגענ

די אלטע ווערבאלע שול מיט איר מיטלאלטערלעכע קאזארמע־דיס־ציפלינ, ווו מע האָט אונטערגעדריקט די פערזענלעכקײַט פונ שילער און ווו דאָס מעכאנישע זוברעווענ איז געווענ דער גרונט־מעטאָד פונ

אונטעריכט, האָט איגנאָרירט די זעלבשטענדיקע שעפערישע קינדער־ארבעט סײַ אינ שול, סײַ אינדערהיימ. זי האָט ניט געהאלטנ פאר נייטיק אנטוויקלענ בא די קינדער די קענטעניש זעלבשטענדיק דענקענ, באשליסנ, אונטערנעמענ, פאָרשנ. איר איז אזא מענטש ניט נייטיק געווענ, זי האָט באדארפט האָבנ אנ אונטערטעניקנ, גאָטספאָרכטיקנ, גלויביקנ, וואָס דער אויטאָריטעט פונ גאָט, קלויסטער, קייסער זאָל בא אימ קיינמאָל אונטער קיינ פראגע־צייכנ ניט געשטעלט ווערנ. זי האָט געוואָלט דערציִענ א דאָר, וואָס האָט באדארפט טרײַ דינענ דער פריציש־בורזשואזער אָרדענונג. אנטוויקלענ בא די קינדער זעלבשטענדיקײַט האָט ווידערגעשפראָכנ אירע אינטערעסנ.

די היימ־ארבעט פונ די קינדער איז אינ גרונט דאָ באשטאנענ אינ אײַנכאזערנ אפ א פּאָפּוגאַיִשנ אופנ דעמ מאטעריאל פונעמ ביכל „פונדאנענ ביזדאנענ", דער קולט פונ וואָרט איז דערפירט געוואָרנ ביז צו דער העכסטער מאדרייגע. אויכ דער קאָנטראָל פונ די קינדערס ארבעטנ האָט געהאט דעמ ציל זיכ צו דערוויסנ אפ וויפל זיי האָבנ בלינד נאָכגעפאָלגט דאָס, וואָס שטייט געשריבנ אינ ביכל, אָדער דאָס, וואָס דער לערער האָט געזאָגט אינ שול אפנ אוראָק.

אינ דער איצטיקער בורזשואזער מאסנ־שול באשטייענ די היימ־פארגעבונגענ דעריקער אינ איבערארבעטנ דאָס, וואָס ס׳ווערט באקומענ אינ שול, דערבײַ זײַנענ די היימ־פארגעבונגענ (פונקט אזויווי דער גאנצער פעדאגאָגישער פּראָצעס) אויסגערעכנט אפ טויטע יעדיִעס, ניט פארבונדנ מיט לעבנ. די טעאָריע איז דאָרט אָפּגעריסנ פונ דער פּראקטיק.

אפ אנ אנדער וועג איז אוועק די „מאָדערנע" בורזשואזע שול אינ אמעריקע אונ אינ מײַרעוו־אייראָפּע (ביזנ אָנקומ פונ פאשיזמ). דער פּראָעקטנ־מעטאָד אונ דער קאָמפּלעקס איגנאָרירנ די סיסטעמאטישע קלאסנ־ארבעט אינ שול אונ די פירנדיקע ראָל פונ פּעדאגאָג. אָנשטאָט דעמ רוקט זי ארויס ברייטע זעלבשטענדיקע ארבעט פונ קינד אינ שול אונ אויסער דער שול.

אָנשטאָט דעמ אָרגאניזירטנ אוראָק אונטער דער אָנפירונג פונ לערער ווערנ ארויסגערוקט פארשיידענע סיסטעמעס: דער לאבאראטאָר־בריגאדע־מעטאָד, דער דאלטאָנ־פּלאנ, וויניעטקע־פּלאנ, די דעקראלי־סיסטעמ א. אנד. וואָס באזירנ זיכ אפ דער זעלבשטענדיקער ארבעט פונ די קינדער

די הײמפארגעבונגענ אינ, די דאָזיקע שולנ—דאָס זײַנענ אינ דער ערשטער רײ פארשײדענע זעלבשטענדיקע פראקטישע ארבעטנ. דאָס טעאָרעטישע װיסנ װערט געשטעלט אפנ לעצטנ אָרט אונ װערט פולקומ אונטערגעװאָרפנ דער פראקטיק.

אינ רעזולטאט גרײט די שול צו א גוטנ געשעפטס־מענטש—װאָס איז דער אידעאל פונ דער אמעריקאנער בורזשואזיע. ער דארפ זײַנ קאָפ ניט איבערמידנ מיט קײנ איבעריקע טעאָריעס אונ װיסנשאפטנ.

די ברײטע פארשפרײטונג, װאָס די דאָזיקע קלאסנפײַנטלעכע טעאָריעס האָבנ געהאט צװישנ אונדזערע „לינקע" אונ רעכטע טעאָרעטיקער אונ אינ דער שול־ארבעט, האָט אונדז געבראכט ניט װײניק שאָדנ. אָפװארפנדיק קאטעגאָריש די קאָנצעפציעס אונ סיסטעמעס פונ דער בורזשואזער מאָדערנער פעדאגאָגיק אלס פרעמדע אונ קלאסנפײַנטלעכע, דארפנ מיר אָבער נעמענ בא איר, נאָכ א גענויענ אלזײַטיקנ אויספרוװ אונ קריטיק, פיל טעכנישע דערגרײכונגענ װאָס זי האָט אינ זיכ פונ באהערשנ די מײַסטערשאפט פונ דעמ אונטעררײכט. מיר קענענ זיכ ניט אָפזאָגנ פונ די דערגרײכונגענ, װאָס די בורזשואזע שול האָט אינ דעמ געביט פונ אויסלערנענ די קינדער די טעכניק פונ ארבעטנ זעלבשטענדיק איבערנ בוכ, פירנ באָבאכטונגענ, מאכנ אויספאָרשונגענ א. א. װ. סײַ בא דער אמעריקאנער שול, סײַ בא דער מײַרעװ־אײראָפײִשער, װי צומ בײַשפיל, בא דער דעקראלי־שול, קענענ מיר זיכ אָנ סאָפעק אינ דעמ זינ פיל אויסלערנענ. מיר װעלנ נעמענ פונ זײ פיל טעכנישע דערגרײכונגענ, װאָס זײ האָבנ, קעדײ אװעקצושטעלנ דעמ פעדפראָצעס בא אונדז אפ דער הײכ פונ פעדאגאָגישער מײַסטערשאפט.

אײנע פונ די װיכטיקסטע צילנ, װאָס דער צ.ק. שטעלט פאר אונדזער שול איז אויסלערנענ די קינדער זעלבשטענדיק דענקענ אונ ארבעטנ אינ לאבאראטאָריע, איבערנ בוכ, איבערנ עקספערימענט א. א. װ., ניט איגנאָרירנדיק דערבײַ די װיכטיקע ראָל פונ פעדאגאָג, װאָס דארפ דאָ זײַנ דער אָנפירער אונ װעגװײַזער. מיט דער הויפט־אויפגאבע, װאָס די שול האָט פאר זיכ—געבנ די קינדער א סיסטעמאטישנ קרײַז יעדיִעס אונ די יעסוידעס פונ דער װיסנשאפט—איז פארבונדנ די אויפגאבע צו לערנענ די קינדער זעלבשטענדיק דענקענ אונ ארבעטנ.

אלזאָ, פאַר די היימפאַרגעבונגענ שטייענ אזוינע אופגאַבעס: 1) זיי דאַרפנ זײַנ א מיטל צו פאַרפעסטיקנ דורכ פאַרשיידענע אופאַנימ פונ טרענאַזש די יעדיעס אינ שול, וואָס די קינדער באַקומענ אפנ זוראָק און 2) זיי דאַרפנ אַנטוויקלענ בא די קינדער די געוווינהײַטנ און קענ־טעניש צו אַרבעטנ זעלבשטענדיק: אַרבעטנ איבערנ בוכ, איבער דער געאָגראַפישער קאַרטע, מאַכנ באַאָבאַכטונגענ, זעלבשטענדיק אָרגאַניזירנ די אייגענע אַרבעט, פאַנאַנדערקלײַבנ זיכ אינ נײַעמ מאַטעריאַל, מאַכנ אויספירנ, ראַציאָנעל פאַנאַנדערטיילנ צײַט א. א. וו. א. וו.

פאַרשטייט זיכ, אז די קינדער דאַרפנ באַקומענ פונ לערער גענויע טאָגטעגלעכע הילפ אינ פאָרמ פונ פאַרשיידענע אינסטרוקציעס, אויס־בעסערונגענ פונ זייערע פריערדיקע אַרבעטנ, בײַשפּילנ וויאזוי צו אַרבעטנ א. א. וו. א. וו. אַנדערש קענ קיינ רייד ניט זײַנ וועגנ דעמ, אז די זעלבשטענדיקע היימאַרבעט זאָל ברענגענ די געהעריקע געוווּנ־טשענע רעזולטאַטנ. אָפטמאָל טרעפט גאָר פאַרקערט: ניט באַקומענדיק פונ לערער קיינ נייטיקע אָנווײַזונגענ, טרעפט זיכ דאָס קינד אָנ בא דער היימפאַרגעבונג מיט אזעלכע שוועריקײַטנ, וועלכע עס איז ניט בעקוועמ אלײנ צו לייזנ, און דאָס ברענגט דערצו, אז באַמ קינד ווערט אָפגענומענ דער כיישעק צו יעדער ווײַטערדיקער אַרבעט, ווײַל ער הערט אופ גלויבנ אינ זײַנע אייגענע קויכעס.

## אייניקע מוסטערנ פונ זעלבשטענדיקער היימ־אַרבעט

בא אונדז זײַנענ פאַראַנ פעדאַגאָגנ, בא וועלכע די היימ-אַרבעט איז אוועקגעשטעלט גלענצנדיק. אויכ בא זיי פאַרנעמט אינ די היימ־אַרבעטנ דעמ אויבנאָנ די פּראָבלעמ פונ פאַרפעסטיקנ די קענטענישנ, אויכ זיי פאַרגיבנ אפ אהיימ טרעניר־מאַטעריאַלנ. אָבער זיי באַמיענ זיכ דעמ מאַטעריאַל פאַר די קינדער צוטראָגנ אינטערעסאַנט, לעבעדיק. זיי אַקטיוויזירנ דעמ פּראָצעס פונ דער אַרבעט, זיי גיבנ די קינדער א מעג־לעכקײַט אַרויסצוווײַזנ זייער שעפערישקײַט. בא די דאָזיקע פעדאַגאָגנ האָט זיכ אונדזער יונגער לערער וואָס צו לערנענ. אָנשטאָט זיכ באַנוגענענ (ווי דאָס טוענ אזויפיל לערער) מיט אָנווײַזנ נאָר דעמ נאָמענ פונ דער דער־ציילונג, וואָס די שילער דאַרפנ איבערלייענענ אינדערהיים (אפ איבנ

זיכ אינ לייענענ), געפינט שטענדיק אנ אופמערקזאמער לערער איינע־צוויי פאסיקע פראגעס, אמ וועלכע די קינדער דארפנ געפינענ אנ ענטפער אינ פּראָצעס פונ לייענענ. דאָס לייענענ ווערט דעמלט באזיניקט, באקומט באמ קינד גאָר אנ אנדער אינטערעס.

מערסטנטייל האנדלט זיכ ניט וועגנ דעמ, אז מ'דארפ ענדערנ דעמ אינהאלט פונ די היימפארגעבונגענ, נאָר וועגנ דעמ, וויאזוי פארגעבנ, עס האנדלט זיכ וועגנ אנדערע פאָרמענ פונ צוטראָגנ פאר די קינדער די דאָזיקע היימפארגעבונגענ־קורצ, עס האנדלט זיכ דעריקער וועגנ ענדערנ דעמ מעטאָד פונ צוטראָגנ די אופגאבע.

דאָס מעכאנישע איבערשרײַבנ פונ בוכ אינ העפט וועט א גוטער לערער פונ צײַט צו צײַט פארבינדנ מיט עפעס אנ ארבעט, וואָס מאכט פארנ קינד דאָס ארָפּשרײַבנ וויכטיק, גיט אימ צו א באשטימטע צילאײַנשטעלונג, צ. ב.: ארָפּשרײַבנ דאָס פארגעבענע אינ פאָרמ פונ א פלאקאט, א לאָזונג, דעמ פלאקאט אָדער לאָזונג באפוצנ, מאכנ ארומ דעמ א רעמעלע, קעדיי שפעטער עס אויסהענגענ אינ גרופּע א. א. וו.

באמ ארָפּשרײַבנ פונ בוכ אינ 2־טנ קלאס באקומענ די קינדער אנ אופגאבע אויסצושרײַבנ באזונדער די שווערע ווערטער. נאָכדעמ, ווי מ'האָט דורכגעארבעט א טעמע, מאכנ די קינדער אינ דערהיימ פלאקאטנ מיט בילדער מיט קורצינקע אופשריפטנ צו זיי, ערעוו א שוליאָנטעוו שרײַבנ זיי ארָאָפּ אינדערהיימ א קורצינקנ לאָזונג מיט אנ איליוסטראציע דערצו. אויכ דאָ פארנעמט דער טרענאזש א באשטימטנ אָרט, אָבער ער איז פארנ קינד פארבונדנ מיט אנ אופגאבע, וואָס מאכט די ארבעט נייטיק אונ אינטערעסאנט.

באמ אויסרעכענענ אינדערהיימ קאָלאָנקעס, באקומענ זיי גלײַכצײַטיק אנ אָנזאָג—מאָרגנ באמ דורכקאָנטראָלירנ וועט איר דארפנ דערקלערנ וויאזוי האָט איר גערעכנט. אָדער: צוטראכטנ אליינ א קאָלאָנקע פונ דעמ זעלבנ טיפּ אונ די קאָלאָנקע אויסרעכענענ. צוטראכטנ אופגאבעס פונ דעמ אייגענעמ טיפּ א. א. וו.

בא דערפארענע לערער אינ די ערשטע אונ צווייטע קלאסנ פארנעמענ א בעקאָוועדיקנ אָרט אינ די היימארבעטנ צייכענונגענ צו פארשיידענע דערציילונגענ, צו נאטורוויסנשאפט—צייכענונגענ וועגנ דעמ לעבנ אינ די קאלטע אונ ווארעמע לענדער, וועגנ די צײַטנ פונ יאָר א. א. וו. א. וו.

ס'ווערט פראקטיקירט סײַ אינ די ערשטע און סײַ אינ די 2־טע קלאסנ דאָס צוקלײַבנ אינדערהײמ איליוסטראציעס, אויסגעשניטענע פונ פארשיידענע צײַטונגענ און זשורנאלנ, צו פארשיידענע לימודימ. אמאָל דארפנ זיי צו די איליוסטראציעס מאכנ קורצע אופשריפטנ. אנ אנדערש מאָל דארפנ זיי אויסשנײַדנ די איליוסטראציעס מיט די אופשריפטנ צו־זאמענ. די קינדער האָבנ די ארבעט זייער ליב. אונדזערע קינדער זײַנענ זייער דערפינדעריש און קלײַבנ קימאט שטענדיק צו ביז גאָר א רײַכנ מאטעריאל פונ די צײַטונגענ און זשורנאלנ. אינ די 2־טע קלאסנ קלײַבנ זיי שוינ איליוסטראציעס צוזאמענ מיט קורצע באשרײַבונגענ.

דער מאטעריאל, וואָס די קינדער קלײַבנ אזויארומ זעלבשטענדיק צונויפ, שאפט בא די קינדער אנ אינטערעס צו דער צײַטונג, זשורנאל, סטימולירט זיי צו זעלבשטענדיקער ארבעט. אָבער אויכ פארנ לע־רער גופא האָט דער צונויפגעזאמלטער מאטעריאל ניט קיינ קליינעמ אינטערעס. דער לערער אלײנ איז אָפט ניט בעקויעכ צוקלײַבנ צומ אוראָק אזא רײַכנ איליוסטראטיווג מאטעריאל, ווי דאָס קענ טאָנ א גאנצער קלאס. די פעדאגאָגנ קענענ דעריבער אויסנוצנ דעמ מאטער־יאל נאָכדעמ, ווי זיי ברענגענ אימ אינ אָרדענונג, אפ מאכנ אינטע־רעסאנטער און לעבעדיקער דעמ אוראָק.

די קינדערס איניציאטיוו איז זייער גרויס. אזוי האָבנ כעווערע פונ די ערשטע קלאסנ אינ אײנ שול צונויפגעשטעלט אלבאָמענ פונ בילדער מיט קורצינקע אופשריפטנ אפ פאָלגנדיקע טעמעס:

1. לענינ־אלבאָמ;
2. אנ ערשט־מײַיִקער אלבאָמ;
3. די פארקער־מיטלענ אפ דער יאבאָשע;
4. די פארקער־מיטלענ אפ דעמ וואסער;
5. די פארקער־מיטלענ אינ דער לופט א. א. וו. א. וו.

דאָ שאפט זיכ, אגעוו, בא די קינדער א נאטירלעכע נויטווענדיקײַט צו ארבעטנ בריגאדעסווײַז צו 2־3 כעווערע. די בעסערע אלבאָמענ האָט־מענ געשענקט די ייִנגערע קלאסנ, אנדערע גייענ אפ דער שול־אויס־שטעלונג, די גאָר בעסטע בלײַבנ ווי אָנשויונג־מאטעריאל אינ דעמ שול־מוזיי פאר דעמ איבעראיאָריקנ קלאס. אינ דעמ צעטל מיט אָנ־שויונג־מאטעריאלנ צו די אוראָקנ אינ אזעלכע קלאסנ פארנעמענ א גאנצ

בעקאָוועדיק אָרט זאכנ, וואָס כעוורע האָבנ אַלײנ געמאכט אינ פּראָצעס פונ לערנענ.

בא אונדזער מאנגל אינ לערנ־מאכשירימ קענענ אונ דארפנ די אַר־בעטנ, וואָס די קינדער מאכנ אַלײנ אינדערהײמ, שפּילנ א גרויסע ראָ־ליע. מע דארפ נאָר קענענ זײ צונויפקלײַבנ, אָפּהיטנ אונ ווי ס'געהער צו זײַנ אויסנוצנ. אָפּט טרעפט זיכ אָבער, אז די קינדער קלײַבנ צו איליוסטראציונ אונ טעקסט־מאטעריאלנ, אונ די לערער גיבנ ניט קײנ אָנווײַזונגענ, ווי אזוי אזא מאטעריאל צו סיסטעמאטיזירנ, וואָס מיט אימ ווײַטער צו טאָנ, ווי אזוי אימ אויספּאָר־מירנ. איר קאָנט אָפּט טרעפנ, אז בא קינדער וואלגערט זיכ פארשײַ־דענע מאטעריאלנ אָנ נוצנ. מיט דער צײַט פארלירט ער זיכ, דער אינ־טערעס פאלט. דאָס צווײטע מאָל, ווענ דער לערער פארגיט אנ ענלעכע ארבעט, טוענ דאָס שוינ כעוורע אָנ אינטערעס, ערגער ווי ביז איצט.

א טײל לערער פונ 2־טנ אונ 3־טנ קלאסנ פארגיבנ אהײמ אזא אַר־בעט: די שילער דארפנ אויסזוכנ אינ די זשורנאלנ אונ פארשײדענע לערנביכלעכ (פּריִערדיקע אונ איצטיקע) א דערצײלונג צו א טעמע, וועלכע מע וועט דורכגײנ אינ קלאס מיט עטלעכע טעג שפּעטער. אָדער יעדער דארפ זיכ אויסלערנענ א ליד, וואָס אימ געפעלט, וועגנ אָנקומ פונ פרילינג (2־טע קלאס).

מיט די נאָרוואָס אָנגעוויזענע ארבעטנ דערגרײכנ סײַ דער לערער, סײַ די שילער זײער פיל: די שילער דארפנ אַלײנ זעלבשטענדיק צוזוכנ אונ איבערלײענענ פארשײדענע מאטעריאל. זײ ווערנ אזויארומ בארײַ־כערט מיט פאקטישע קענטענישנ אונ איבנ זיכ אינ לײענענ. דער אינ־טערעס צו דער פארגעבענער ארבעט איז גרויס, די זעלבשטענדיקע אקטיווקײַט ווײַזט זיכ ארויס אינ דער פולער מאָס.

אָט וויאזוי די לערער, וואָס פּראקטיקירנ אָפּט די דאָזיקע הײמ־ארבעט, מאָטיווירנ זײער וויכטיקײַט: „די קינדער ברענגענ אָפּטמאָל אזא ווײַכנ מאטעריאל, אז דער לערער טראכט לאנג אפ וואָס זיכ אָפּ־שטעלנ”. „דער מאטעריאל איז אזוי אינטערעסאנט, אז ס'ווילט זיכ נע־מענ וואָס מער אפ בארײַכערנ דעמ אוראָק”.

אכוץ דעמ שטרײַכנ די לערער אונטער, אז „די דאָזיקע ארבעטנ פאר־לענגערנ אונדז די צײַט, וואָס איז אָפיציעל אויסגעשטעלט אינ דער פּראָג־

ראמ אפ יעדער טעמע". „אפ די קארגע שאָ־צוויי, וואָס מיר האָבנ אויס־געטיילט אפ דער טעמע, וואָלטנ מיר גאָר ווייניק באוויזנ, ווענ מיר זאָלנ ניט אויסנוצנ די קינדערשע איניציאַטיוו אינ זייערע היימ־ארבעטנ". „די דאָזיקע ארבעטנ אינדערהיימ גיבנ זיי א מעגלעכקייט צו פארטיפערנ דאָס, וואָס זיי באקומענ אָפטמאָל אויבערפלעכלעכ אונ סכעמאטיש אינ שול".

צומ סאָפ לערניאָר, אנ ערעכ פעווראל כוידעש, גיבנ שוינ פיל פע־דאגאָגנ פונ די 1־טע קלאסנ אהיימ קורצינקע זעלבשטענדיקע שריפט־לעכע ארבעט אפ א האלבנ, מאקסימומ אפ א גאנצנ זייטל. אזעלכע ארבעטנ האָבנ כעוורע פונ אייניקע ערשטע קלאסנ פונ דער 25־טער מאָסקווער מוסטער־שול פונ אָקטיאבער־ראיאָנ, געשריבנ אפ די טעמעס:

„אָנקומ פונ פרילינג", „ווי האָב איכ פארבראכט דעמ 1־טנ מײַ", „וואָס האָב איכ זיכ אויסגעלערנט אינ שול".

אנדערע לערער מאכנ פרווונ צו געבנ אהיימ אפילע קורצינקע זעלבשטענדיקע שריפטלעכע ארבעטנ אפ א פרײַער טעמע.—די קינדער קענענ אָנשרײַבנ ווענג איינע פונ די דורכגעארבעטע אינ מעשעכ פונ יאָר טעמעס.

די דאָזיקע ארבעטנ האָבנ געגעבנ די פעדאגאָגנ, לויט זייער מיי־נונג, א מעגלעכקייט זיכ ענדגילטיק איבערצײַגנ ווענג דער איוורעדי־קייט פונ זייערע קלאסנ, ווענג זייער אנטוויקלונג אונ באָבאכטונג־פייִקייטנ.

אָבער מיר ווילנ דאָ ערנסט וואָרענענ דעמ לערער קעגנ אזעלכע ארבעטנ. מיר זײַנענ שטארק אינ סאָפעק, צי מענ מענ אָנווענדנ אזעלכע היימ־ארבעטנ אינ די ערשטע קלאסנ. אלנפאלס דארפ די זאכ געפּרשט ווערנ. דאָרט, ווו מע ווענדט זיי שוינ יאָ אָנ, דארפ מענ מיט אזעלכע פאר־געבונגענ זײַנ זייער פאָרזיכטיק. מע קענ זיכ נאָר דעמלט דערלויבנ געבנ אנ ערשטנ קלאס אזא היימ־ארבעט, ווענ אלע כעוורע קענענ שוינ ריכטיק בויענ א פראזע, מונדלעכ אָנשרײַבנ זי אָנ פעלערנ. אָבער אזויווי אזעלכע קלאסנ טרעפנ זיכ זעלטנ, מוז אויכ דער פרווו זײַנ וואָס זעלטענער. מע דארפ נאָכאמאָל געדענקענ, אז מע דארפ מיט אזעלכע היימ־ארבעטנ אפילע אינ אנ איוורעדיקנ 1־טנ קלאס זײַנ זייער געהיט.

אינ די 2־טע קלאסנ וואקסט שוינ אויס דער צעטל פונ זעלבשטענ־דיקע היימ־ארבעטנ, צ.ב.: פונ א ריי ווערטער צונויפשטעלנ א דערציי־

לונג אפ א באשטימטער טעמע, פאַרענדיקנ א דערציילונג, קורצינקע זעלבשטענדיקע, שריפטלעכע איבערדערציילונגענ. אויכ אפ מאטעמאטיק וואקסט די צאָל זעלבשטענדיקע היימ־ארבעטנ: מאכנ פארשיידענע אויס־מעסטונגענ אונ זיי פארשרײַבנ, צוגרייטנ א מעטער, א קוואדראטנ סאנטימעטער, א קוואדראטנ דעצימעטער, לייזנ אופגאבעס, צוטראכטנ נײַע אופגאבעס פונ א באשטימטנ טיפ א. א. וו. א. וו.

אינ אלע אָנגעוויזענע פאלנ העלפט די זעלבשטענדיקע ארבעט דעמ פראָצעס פונ טרענאזש: אײַנכאזערנ, אויסלערנענ, פארפעסטיקנ.

וואָס עלטער די גרופע, אלס ברייטער ווערנ, פארשטייט זיכ, די מעגלעכקײַטנ צו געבנ פארשיידנארטיקע מאטעריאלנ סײַ צו טרענירנ, סײַ פאר זעלבשטענדיקער ארבעט.

מיר וועלנ ברענגענ ווי א בײַשפּיל א צעטל ארבעטנ פונ געאָ־גראפיע, וואָס זײַנענ געגעבנ געוואָרנ אינ דער 3־טער גרופע פונ דער 25־טער מאָסקווער מוסטער־שול.

1. אָנצייכענענ דעמ וועג פונ היימ ביז דער שול (די ריכטונג פונ די גאסנ, געסלעכ) אָנ מאסשטאב;

2. וויאזוי דערקענענ די וועלט־זײַטנ באנאכט (פארגעכנ אפ דער נאכט צו געפינענ דעמ פּאָליאר־שטערנ);

3. איינפיקע מאַכנ קאָלעקטיוו צוגעגרייט א קאָמפּאס;

4. טאָפּאָגראפישע פארצייכענונגענ (ארויפצייכנט פונ בוכ);

5. געבנ א דעפיניציע (שריפטלעכ) אונ אָנצייכענענ—אנ אינדזל, האלב־אינדזל, א.אז.וו.;

6. וויאזוי זײַנענ אופגעקומענ בלאָטעס, זומפּנ?

7. אָנצייכענענ א טײַכ, זײַנ ריכטונג, רעכטער, לינקער ברעג צופלוס א.א.וו..

8. אָנצייכענענ א געמעל, וואָס באווײַזט די קײַלעכדיקײַט פונ דער ערד;

9. אָנצייכענענ קלימאטישע גארטלענ;

10. אָנצייכענענ די גראדוס־נעצ (מערידיאנענ);

11. מאכנ געמעלנ אָדער צוקלײַבנ בילדער פונ די אײַנוווינער אונ וווינונ־גענ פונ די קאלטע אונ הייסע לענדער;

12. מאָלנ בילדער, אָנצייכענענ די אלטע מאָסקווע, אָדער מאָסקווע מיט 700 יאָר צוריק;

13. אָנצייכענענ אָדער זאמלענ איליוסטראציעס צו דער נאָכ־רעוואָלוצי־אָנערער מאָסקווע;

14. ענטפערנ אפ עטלעכע פראגעס צו אנ ארטיקל, וואָס מע האָט געלייענט אינ גרופע.

צום באדויערנ, איז דאָס ביכל אפ געאָגראפיע פונ 1933 יאָר אזוי שווער געשריבנ, מיט אזויפיל פאקטישע פעלערנ, אז דאָס האָט ניט געגעבנ קיינ מעגלעכקייַט, אינ א גענוגנדיקער מאָס צו פארגעבנ אהיימ זעלבשטענדיקע ארבעטנ איבערנ טעקסט פונ דעמ ביכל.

אינ רעזולטאט פונ דעמ יאָר היימ־ארבעטנ האָט זיכ קימאט בא יעדער קינד אָנגעקליבנ פארשיידענע אלבאָמענ מיט איליוסטראציעס אפ פארשיידענע טעמעס, צ. ב.: הייסע לענדער, קאלטע לענדער.

פיל פונ זיי האָבנ באריַיכערט די שול מיט אָנשוילעכנ מאטעריאל צו געאָגראפיע פאר דעמ זעלבנ קלאס אונ פאר די ייִנגערע קלאסנ.

אנטוויקלענ בא די קינדער די באאָבאכטונג־פייִקייַטנ, צו זענ, וואָס ארומ זיי קומט פאָר (קעדיי קענענ ענדערנ דעמ ארומ), איז איינע פונ די וויכטיקע אופגאבעס פונ דער שול. די היימ־ארבעט דארפ אונ קענ סטימולירנ דעמ אינטערעס צומ ארומ. אזא ארבעט איז אויכ א שטארק אינטערעסאנטע פאר די קינדער.

וויפל וויכטיקע יעדיִעס אונ פרייד גיט דעמ קינד פונ 1־טנ אונ 2 טנ קלאס דאָס זעלבשטענדיקע באאָבאכטנ, לויט א באשטימטער סיס־טעמ, די דערשייַנונגענ פונ נאטור, וויפל פרייד גיט זיי דאָס באקענענ זיכ מיטנ לעבנ פונ די פייגל, דאָס באאָבאכטנ די ענדערונגענ אינ וועטער א. א. וו. א. וו.

צום באדויערנ אָבער זייַנענ פאראנ זייער פיל שולנ, ווו אזעלכע באאָבאכטונגענ פארנעמענ אינגאנצנ ניט קיינ אָרט אינ די היימפאר־געבונגענ. דאָס מוז אומבאדינגט פאריכט ווערנ.

נאָכ וויניקער ווערנ פארגעבנ אהיימ ארבעטנ, וואָס טראָגנ א פאָ־ליטעכנישנ כאראקטער. פאראנ קלאסנ, ווו אינ מעשעכ פונ א גאנצ יאָר האָבנ די קינדער קיינ איינע אזא פארגעבונג ניט באקומענ. דאָס איז א קאָלאָסאלער בלויז, ליידער באקומענ אונדזערע קינדער אינ שול דערווייַל נאָכ זייער וויניק פאָליטעכנישע געוווינהייַטנ, באזונדערס אינ די ייִנגסטע קלאסנ. דורכ דער היימ־ארבעט קענענ מיר סטימולירנ דעמ קינדס אינטערעס צו טעכניק. בא דער כ־טע גאר (25 שול, מאָס־קווע, 1־טער קלאס) וויסנ די קינדער, אז פונקט אזוי ווי פאר דער גאנצער שול, שטייט אויכ פאר זיי אנ אופגאבע „העלפנ בויענ די פאָ־ליטעכנישע שול". אינ שאפע פונ דעמ דאָזיקנ קלאס קענט איר טרעפנ

מאטן פארשיידענע ארבעטן, וואָס די קינדער ברענגען פונדערהיים: מאָדעלן פון אויטאָמאָבילן, דאמפערס, פורן, געמאכט אליין דורך די קינדער פון פארשיידנסטע מאטעריאלן (טעקסטור, האָלץ, מעטאל א.א.וו.) פארשיידענע קאָלעקציעס פון מיניאטורע מאלבושים, זומערדיקע און ווינטערדיקע און נאָך און נאָך.

צום באדויערן, סטימולירן די לערער אזעלכע ארבעטן ניט אין דער גענוגנדיקער מאָס, אָפטמאָל וואלגערן זיך די דאָזיקע, ניט זעלטן גלענצנדיקע ארבעטן אין שאפע, קיינער קוקט זיי ניט אָן, און זיי ברענגען ניט די נוצן, וואָס זיי וואָלטן געקענט ברענגען.

כדי די קינדער סטימולירן צו ווײַטערדיקע ארבעט אין דער ריכטונג, דארף מען קוידעמקאָל מיט זייער ארבעט אָנפירן, געבן זיי די נייטיקע אָנווײַזונגען סײַ טעכנישע, סײַ בענעגייע צום אינהאלט. זאכן, וואָס די קינדער ברענגען, סיסטעמאטיזירן, אוועקשטעלן אפ אן אָנגעזעענעם אָרט אין קלאס, אין א ספעציעל אויסשטעלונג־ווינקל, אָר־גאניזירן א מין פערמאנענטע אויסשטעלונג. ווען דאָס יאטל זעט, אז מיט זײַנע ארבעטן אינטערעסירט מען זיך אין שול, אז זי קומט אין שול צונוץ, ווערט זײַן אינטערעס צו דער דאָזיקער ארבעט נאָך פיל גרעסער.

## וועגן צוגעפאסטקײַט פונעם מאטעריאל

די היימפארגעבונגען דארפן זײַן שטרענג צוגעפאסט צו די עלטער־באזונדערקײַטן און קענטענישן פון די קינדער. וואָס ייִנגער די גרופע איז, אלץ פרימיטיוער דארף, פארשטייט זיך, זײַן די היים־ארבעט, אלץ קלענער דארף זי זײַן לויט איר פארנעם. וואָס ייִנגער די קינדער, אלץ קלענער דארף זײַן דער צײַט־אָפשניט, אפ וועלכע די ארבעט ווערט פארגעבן. וואָס ייִנגער די קינדער, אלץ אָפטער, סיסטעמאטישער און גענויער דארף זײַן דער אינסטרוקטאזש, אלץ אָפטער, גענויער און סיסטעמאטישער דארף זײַן דער קאָנטראָל פון די דאָזיקע ארבעטן.

פאר איינעם פון די קריטעריעס פון דער צוגעפאסטקײַט פון די היימפארגעבונגען פאר דער געגעבענער גרופע דארף גענומען ווערן די דערפארונג און געוווינהײַט, וואָס די קינדער האָבן. ס'איז געווונטשן,

אַז די נײַע היימפּאַרגעבונג זאָל אין זיך אַרײַנעמען, אַכוץ די באַוווסטע פּאַרן קינד יעדיעס, געזעצן, געוווינהײַטן, — עפּעס נײַס, — וואָס דאַרף באַרײַכערן דעם קינדס דערפאַרונג — ד. ה. עפּעס אַ נײַע שוועריקײַט.

ווי אַ קלאַל דאַרף דער נײַער מאַטעריאַל פון דער היימפּאַרגעבונג זײַן אַ פאָרזעצונג פון דער אַרבעט אין שול. דאָס דאַרף אָבער זײַן אַזאַ פאָרזעצונג, וואָס זאָל אַנטהאַלטן אין זיך נײַע שוועריקײַטן, נײַע אויפגאַבעס, וואָס שווימען אַרויס פון די קענטעניש און געוווינהײַטן, וועלכע זיי האָבן באַקומען פריִער.

דער לערער דאַרף לייגן אַכט, אַז די נײַע פאַרגעבונגען זאָלן ניט באַשטיין פון אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס די קינדער האָבן אים שוין גוט באַהערשט און ער נייטיקט זיך שוין פאַקטיש ניט אין קיין טרענאַזש. מע דאַרף אויסמײַדן אַזעלכע היימפאַרגעבונגען, וואָס זײַנען שוין פאַר די קינדער פאַקטיש אַ דורכגעגאַנגענער עטאַפּ, און דאָס איבערכאַזערן אים נאָכאַמאָל איז איבעריק. אַזאַ היים־אַרבעט ברענגט אָפט מער שאָדן איידער נוצן. דעם קינד איז די אַרבעט ניט אינטערעסאַנט, אָדער ער טוט זי אײַנגאַנצן ניט. ער געוווינט זיך צו לײַכט צו שעצן די היים־אַרבעט און טראָגט די דאָזיקע לײַכטשעצונג איבער אַפילע אַף אַזעלכע היימפאַרגעבונגען, איבער וועלכע ער וואָלט באַדאַרפט ערנסט אַרבעטן.

אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס איז פאַר די קינדער אינגאַנצן נײַ, אומבאַקאַנט און וואָס האָט אין זיך אַזעלכע שוועריקײַטן, וועלכע האָבן זיך אין דער פריִערדיקער דערפאַרונג פון די קינדער ביז איצט ניט געטראָפן, דאַרף מען אַהיים ניט פאַרגעבן. און וואָס יִינגער דער קלאַס איז, אַלץ מער געפערלעך איז אַזאַ אַרבעט צו געבן אַהיים.

אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס האָט אין זיך עטלעכע אומבאַקאַנטע, דורך די קינדער אינגאַנצן ניט באַהערשטע געוווינהײַטן, שוועריקײַטן, אָדער אַפילע אַזעלכע, וואָס זײַנען פריִער געווען באַוווסט, אָבער אַזוי ווײַט ניט פעסט, אַז דאָס זײַנען פאַקטיש נײַע געוווינהײַטן און שוועריקײַטן, דאַרף מען אויך אויסמײַדן געבן אַהיים, סײַדן אין די גאָר עלטערע קלאַסן.

ברייט דאַרף פּראַקטיקירט ווערן פאַרגעבונגען אַף אַזעלכע געוווינהײַטן און קענטענישן, וואָס די קינדער באַזיצן שוין, אָבער ניט גענוג

פעסט. די פארגעבונג דארפ מענ אָבער בויענ אזוי, אז זי זאָל פאָר־שטעלנ מיט זיכ פארנ קינד א נײַעמ פראָצעס, אדאנק די נײַע עלע־מענטנ, וואָס ווערנ ארײַנגעפירט אינ דער פארגעבונג.

דער לערער דארפ שטענדיק האָבנ אינזינענ, אז אינ די היימפאר־געבונגענ מוז אײַנגעהיט ווערנ א שטרענגע בעהאדראָגעדיקײַט, אינ דער שוועריקײַט אונ קאָמפליצירטקײַט פונעמ מאטעריאל.

אזוי, צומ בײַשפיל דארפנ די היימפארגעבונגענ אינ דעמ 1־טנ קלאס צוגעוווינענ די קינדער אויסצופילנ באזונדערע, גאָר פאָשעטע אופגאבעס. דעמ ערשטנ האלבנ יאָר אראָפשרײַבנ פונ בוכ, מאכנ א גע־מעל, לייזנ א פאָשעטנ אריפמעטישנ בײַשפיל, איבערלייענענ א קורצ שטיקל פונ א בוכ א. א. וו.

שפעטער, נאָכדעמ ווי די קינדער האָבנ אינ קלאס, אונטער דער אָנפירונג פונ לערער אונ צוזאמענ מיט אימ, דורכגעפירט א גאנצע ריי באאָבאכטונגענ, קענ מענ אָנהייבנ בעהאדראָגע איבערגײַנ צו פארגעבנ אהיימ זעלבשטענדיקע קליינינקע באאָבאכטונגענ, אָבער לויט פעסט אײַנגעשטעלטע אָנווײַזונגענ פונ לערער.

דערבײַ דארפ מענ אונטערשיידנ אונ שטעלנ אנדערע פאָדערונגענ אינ 1־טנ קלאס, וואָס איז געקומענ פונ קינדערגאָרטנ אָדער פונ צוג ייִט־קלאס. פיל קלענערע פאָדערונגענ דארפ מענ שטעלנ אינ א 1־טנ אָנ־איוורעדיקנ קלאס, וואָס האָט נאָכ קיינ צוגרייטונג אינ ערגעצ ניט בא־קומענ. דער 2־טער קלאס קענ שוינ ארבעטנ אפ זעלבשטענדיקנ זאמ־לענ מאטעריאל.

נאָכ קאָמפליצירטער ווערנ די אופגאבעס פארנ 3־טנ קלאס.

## די היימ-ארבעט—א רינגעלע אינ דער גאנצער קייט פונ שול־ארבעט

אונדזער אויספאָרשונג האָט באוויזנ, אז דער מאסנ־לערער קענ אָפטמאָל ניט אײַנפלעכטנ די היימ־ארבעט אינ גאנג פונ אוראָק. זי איז בא אימ ווי א נייטיקער, נאָר א פרעמדער גליד, א זײַטיקע זאכ. געוויינלעכ, גייט דער אוראָק אינ קלאס מיט זײַנ וועג, ער האָט זיכ זײַנ סיסטעמ אונ פלוצימ, מערסטנטייל צומ סאָפ אוראָק רײַסט מענ

דעמ אורעק איבער אונ דער לערער דערמאָנט זיכ, אז מע דארפ אָדער קאָנטראָלירנ די פארגעבענע פונ פריִער ארבעט, אָדער מע דארפ פארגעבנ אהיימ נייע ארבעט.

די היימ־ארבעט מאכט זייער אָפט אנ איינדרוק, ווי א פינפטע ראָד צומ וואָגנ.

בא א גוטנ לערער אָבער איז די היימ־ארבעט ענג פארבונדנ מיט דער ארבעט אפנ אורעק. זי איז א רינגעלע אינ דער קייט פונ דער גאנצער ארבעט, אונ דאָס רינגעלע קענ ניט אונ טאָר ניט ארויספאלנ, וויַל די סטרוקטור פונ אורעק וועט דערפונ ליידנ.

די היימ־ארבעט איז מערסטנטייל א פאָרזעצונג, א פארפעסטיקונג פונ דעמ, וואָס עס איז געווענ אפנ אורעק.

אנ אנדערש מאָל דינט די היימ־ארבעט פאר אנ אָנהייב פונ א נייער טעמע. עטלעכע ביַישפילנ פונ אונדזערע באָבאכטונגענ:

1) נאָכנ שמועס וועגנ דעמ, וויִאזוי גרייטנ זיכ באלעכאימ צומ ווינטער, האָבנ די קינדער באקומענ אנ אויפגאבע איינדערהיימ אָנצייכענענ א געמעל וועגנ דעמ. צומאָרגנס האָט זיכ דער לימעד אָנגעהייבנ פונ באטראכטנ דאָס, וואָס די קינדער האָבנ אָנגעצייכנט. דער שמועס ארומ דעמ אָנגעצייכנטנ האָט געדינט ווי א בריקל אפ אריבערגיינ צו דעמ וויַיטערדיקנ,—„וויִאזוי גרייט זיכ דער מענטש צומ ווינטער" (1־טער קלאס).

2) אנ אנדערש מאָל בא דערזעלבער טעמע האָבנ די קינדער באקומענ א פארגעבונג צוגרייטנ פארשיידענע שטיקלעכ מאטעריע אפ זומערדיקע קליידונג. ארומ דעמ געבראכטנ מאטעריאל האָט זיכ צעוויקלט אינ קלאס דער שמועס אפ דער טעמע: „דעמ מענטשס קליידונג".

3). אָנהייב פרילינג. די קינדער האָבנ באקומענ א פארגעבונג צו ברענגענ פארשיידענע צוויַיגעלעכ מיט קנאָספנ. פארנ אורעק האָט די לערערנ סאָרטירט דעמ מאטעריאל. דאָס באטראכטנ די געבראכטע אָביעקטנ אינ קלאס איז געווענ דער אויסגאנגס־פונקט פארנ נייעמ אורעק.

4) מיט צוויי־דריַ טעג פאר א נייער טעמע האָבנ די קינדער באקומענ א באשטעלונג צוזוכנ צו דער דאָזיקער טעמע קורצע דערציילונגענ אונ בילדער פונ פארשיידענע זשורנאלנ אונ ביכלעכ, וואָס זיי

האָבנ אינדערהיימ אָדער פונ ביבליאָטעק, צומאָרגנס: מ׳הייבט אָנ די נײַע טעמע. די לערערנ מאכט א קורצנ אײַנפיר־שמועס. דערנאָכ:

„ווײַזט, קינדער, וואָס האָט איר צוגעגרייט?” די שילער האָבנ דעמאָנסטרירט זייערע בילדער, אונ דערבײַ דערציילט, וואָס זיי האָבנ געלייענט. ארומ דעמ האָט זיכ צעוויקלט א לעבעדיקער העכסט אינטערעסאנטער שמועס. די קינדער זײַנענ געקומענ אדאנק דער היימ־ארבעט שוינ טיילווײַז צוגעגרייט, אונ דער אוראָק איז דורכגעפירט געוואָרנ ערנסטער אונ טיפער. די היימ־ארבעט איז דאָ געווענ אנ אָרגאנישער רינג אינ גאנצנ אוראָק.

5) אנ אנדער לימעד: אויכ דאָ האָבנ די קינדער צוגעזוכט מאטעריאל. דער פעדאגאָג האָט זיכ אָבער פריִער באקענט מיט דעמ, וואָס כעווערע האָבנ צונויפגעזאמלט, ער האָט אָפגעקליבנ דאָס, וואָס איז אמיינסטנ ווערטפול, אונ אפ א מער אָרגאניזירטנ אופנ אָנגעוויזנ, ווער פונ די שילער זאָל פאָרלייענענ, דערציילנ אָדער דעמאָנסטרירנ דאָס, וואָס ער האָט צוגעגרייט.

אינ די געבראכטע בײַשפּילנ זעענ מיר, ווי די היימ־ארבעט ווערט דער אויסגאנג־פונקט פארנ גאנג פונ אוראָק. דער 4־טער בײַשפּיל פונ אוראָק טראָגט אָבער אינ זיכ א געפאר (דעריקער פאר א ווייניק־דערפארענעמ לערער) אראָפצוגליטשנ זיכ צו דעמ, אז ניט ער זאָל ווערנ דער פירער פונעמ אוראָק, ווײַל די קינדער קענענ ברענגענ צופעליקנ מאטעריאל. אינעמ 5־טנ איז די דאָזיקע געפאר ניט פאראנ.

6) אינ צוזאמענהאנג מיט דער טעמע „אָנהייב פרילינג” האָבנ די קינדער באקומענ אנ אויפגאבע אויסצולערנענ אינדערהיימ א געדיכט, וואָס קער זיכ אָנ צו דער טעמע. זוכנ דעמ געדיכט האָבנ זיי געדארפט אינ די ביכלעכ אונ זשורנאלנ, וואָס זיי האָבנ אינדערהיימ. אינ עטלעכע טעג ארומ, אינ אוראָק פונ מוטערשפראכ האָט די לערערנ דערמאָנט — „איצט וועלנ מיר הערנ, וואָס יעדער פונ אײַכ האָט צוגעגרייט וועגנ פרילינג”. אלע קינדער האָבנ עפעס צוגעגרייט. ווער עס האָט אויסגעלערנט א געדיכט, ווער א קורצינקע דערציילונג, ווער ס׳האָט גאָר צוגעשטעלט זעלבשטענדיק א מײַסע אפ דער טעמע. איינער נאָכ דעמ אנדערנ זײַנענ די קינדער ארויסגעטראָטנ אונ איבערגעזאָגט מיט ברענ דאָס, וואָס זיי האָבנ אליינ אויסגעזוכט אונ אויסגעלערנט. דער קלאס

האָט געהערט מיט גרויס אינטערעס, יערער שילער האָט געברענגט עפּעס א נײַס, אונ אזויארומ האָט די לערערנ באקומענ א רײַכנ מאַטעריאַל אפּ אנטוויקלענ די מונדלעכע שפּראַכ בא די קינדער. אויכ דאָ איז די היימ־ארבעט געווענ אנ אָרגאנישער באשטאנדטייל פונ אוראָק.

דער לערער דארפ אָבער פריִער פארנ אוראָק וויסנ, וואָס יעדער קינד האָט צוגעגרייט, קעדיי צו וויסנ, ווער עס האָט געבראכט ווערטפולנ מאטעריאל אונ ארויסרופנ נאָר די קינדער, וואָס קענענ מיט זייער מאטעריאל ברענגענ נוצנ דעמ אוראָק.

די פּראָבלעמ פונ אײַנפלעכטנ די היימ־ארבעט אינ גאנג פונ אוראָק איז ענג פארבונדנ מיט נאָכ צוויי פּראָבלעמענ: מיט דער פראגע וועגנ דעמ, ווענ דארפ מענ פארגעבנ אהיימ אוראָקנ, אונ מיט דער פראגע וועגנ קאָנטראָל אונ דיסקאָנט פונ די היימפארגעבונגענ.

מיר וועלנ באלד זענ אפּ א גאנצער רײ בײַשפּילנ ווי דאָס זעט אויס אינ דער ווירקלעכקײַט.

בא דער גרעסטער מערהײַט פּעדאגאָגנ איז ווי א קלאל אײַנגעשטעלט, אז פארגעבנ אפּ אהיימ לימודימ דארפ מענ נאָכ דעמ, ווי דער אוראָק האָט זיכ געענדיקט. אינדערעמעסנ באטײַט דאָס, אז מע פארגיט אהיימ ערשט דעמלט, ווענ עס דערהערט זיכ שוינ דער גלאָק אפּנ איבעררײַס. געוויינלעכ, הייבט זיכ דעמלט אופּ אינ קלאס א טומל, א גערויש, כעוורע רוקנ ארײַנ אינ פארטע די ביכער אונ העפטנ. מע שטײט אופּ פונ די ערטער, די שילער ווארטנ מיט אומגעדולד, ווענ דער לערער וועט שוינ אופהערנ צונעמענ בא זיי די צײַט, וואָס איז באשטימט פאר די שילער, דער לערער סטארעט זיכ בארויקנ די כעוורע, אפּעלירט צו זייער געוויסנ, אז דער קלונג איז א סימענ פארנ לערער אונ ניט פאר די שילער. די קינדער איז אָבער שווער אײַנצושטילנ, באמיט זיכ דער לערער איבערשרײַענ דעמ קלאס. די גאָר אקוראטנע קינדער זיצנ אונ באמיִענ זיכ צו הערנ אָדער פארשרײַבנ, זיי הערנ אָבער ניט, וואָס דער לערער זאָגט צוליב דעמ טומל. אנדערע באמיִענ זיכ אפילע ניט צו הערנ דעמ לערער. אפּנ איבעררײַס קענט איר באאָבאכטנ אזעלכע בילדער:

די מער פלײַסיקע קינדער, וואָס האָבנ צוליב דער אײַלעניש אונ

טומל ניט דערהערט, וואָס דער לערער האָט פארגעבנ, האלטנ אינ איינ פרעגנ איינער באמ צווייטנ: „וואָס האָט מענ פארגעבנ"? „וויאזוי דארפ מענ דאָס מאכנ"? א.א.וו. אונ זייער אָפט באקומענ זיי פונ די כאוויי־רימ, וואָס האָבנ אויכ שלעכט געהערט, ניט קיינ ריכטיקע, פונקט פארקערטע צנויזונגענ. דאָס איז, לײַדער, אנ אָפט ביילד אינ אונדזערע שולנ. בא אזעלכע לערער גרייט א גאנצ היפשער פראָצענט קינדער ניט צו די אורָאָקנ, ווײַל זיי האָבנ ניט גוט געהערט אונ ניט פארשטא־נענ, וואָס מע האָט פארגעבנ. דער גלאָק האָט געשטערט. א היפשער פראָצענט קינדער גרייטנ צו גאָר עפעס אנדערש, ווײַל אינ טומל אונ אײַלעניש האָבנ זיי שלעכט פארשטאנענ דעמ לערער.

מיר האָבנ אפ טשיקאוועס דורכגעפירט אינ עטלעכע קלאסנ א קליינע סטאטיסטישע אויספאָרשונג פונ דעמ, וויאזוי די קינדער גרייטנ צו די אורָאָקנ בא אזוינע לערער. מירנ זיכ דאָ באנוגענע מיט די אויספירנ פונ איינ קלאס.

פונ די אורָאָקנ, וועלכע דער פעדאגאָג האָט פארגעבנ אהיימ, ווענ דער גלאָק האָט זיכ שוינ דערהערט, זײַנענ געווענ 30 פאלנ, ווענ די קינדער האָבנ אינגאנצנ ניט צוגעגרייט די ארבעט אונ 12 פאלנ ווענ די קינדער האָבנ צוגעגרייט עפעס אנדערש, ווײַל זיי האָבנ שלעכט געהערט, אָדער ווײַל זיי האָבנ פארגעסנ וואָס מע האָט פארגעבנ. צו יעדנ לימעד האָבנ 6 קינדער ניט געגרייט די פארגעבענע ארבעט איבער דער שלעכטער אָרגאניזאציע (6 קינדער אינ קלאס באטרעפט אנ ערעכ 15%).

דער אייכעס פונ דער ארבעט, וואָס מענ האָט יאָ צוגעגרייט איז געווענ זייער א נידעריקער. מירנ זיכ דאָ דערלויבנ ברענגענ א קליינע פאָטאָגראפיע פונ דער ארבעט אינ אזא קלאס (2־טער קלאס, לערערנ וו.):

די קינדער האלטנ אינמיטנ אראָפשרײַבנ פונ ברעט א געדיכט. זיי האלטנ אינ סאמע מיטנ ברענ. פלוצלונג דערהערט זיכ דער לערערנס שטימ: „אונ איצט, קינדער, הערט, וואָס איר דארפט טאָנ אינדערהיימ". אינ קלאס ווערט א גערויש: „איכ האָב נאָכ ניט פארענדיקט", „איכ האלט אינמיטנ, וואָרט צו אביסל". די לערערנ לייגט אָבער קיינ אכט ניט אפ דעמ אונ זי רעדט שוינ וועגנ דעמ, וואָס זיי דארפנ מאכנ אינדערהיימ. איז וואָס באקומט זיכ? א טייל קינדער זעצט פאָר שרײַבנ

דעמ געדיכט, זיי מאכנ דאָס אָבער גיכ, לייגנ שוינ וויניקער אכט דערופ, וויאַזוי צו שרײַבנ, אונ שרײַבנ פול מיט פעלערנ, קרומ, שמוציק, אונ ווענ זיי האָבנ אינ גרויס אײַלעניש געענדיקט אראָפּצושרײַבנ אונ ווילנ זיכ נעמענ צו פארשרײַבנ דאָס, וואָס מע פארגיט אהיימ, האלט שוינ דער פעדאגאָג אינמיטנ, אונ כעוורע שרײַענ פונ אָרט: „לערערנ, נאָכאמאָל וואָגט פונ אָנהייב, איכ האָב ניט געהערט". ווערט א גערויש. דער פעדאגאָג הייבט אָנ פונ אָנהייב, ס'ווערט אינ קלאס אנ אומאָרדענונג, אונ ס'גייט דערופ אוועק אסאכ איבעריקע צײַט, אונ פונדעסטוועגנ ווייסנ ניט אלע קינדער גענוי, וואָס מע האָט פארגעבנ אהיימ.

די אײַנגעשפארטע שטעלונג, אז פארגעבנ אהיימ לימודימ דארפ מענ נאָר צומ סאָפ אוראָק, האָט אונטער זיכ קיינ שומ גרונט ניט. דאָס איז א מעכאניסטישער צוגאנג צו דער סטרוקטור פונ אוראָק. דאָס פארגעבנ אהיימ לימודימ, פונקט אזוי ווי דער קאָנטראָל פונ די היימ־לימודימ קענ פאָרקומענ אינ פארשיידענע מאָמענטנ, דאָס איז ענג פארבונדנ מיטנ אינהאלט פונ אוראָק.

דערפארענע לערער פארגיבנ אהיימ לימודימ סײַ צומ סאָפ, סײַ אינמיטנ אוראָק, סײַ אפילע אינ אָנהייב.

כ'טע ל ע אָ נ אָ ו ע (1־טער קלאס) זאָגט: „אריפמעטיק פארגיב איכ דעריקער צ ו מ ס אָ פ אוראָק, כאָטש פונ קאָנטראָל הייב איכ אָפט אָנ דעמ אוראָק. רוסיש פארגיב איכ מערסטנטייל אינמיטנ אוראָק".

כ'טע ג א ר (1־טער קלאס) פארגיט אהיימ אינ פארשיידענע מאָמענטנ פונ אוראָק. „מיטנ פארגעבנ אהיימ הייב איכ געוויינלעכ אָנ דעמ אוראָק דעמלט, ווענ די פארגעבונג איז ריינער טרענירמאטעריאל, וואָס האָט דעמ ציל צו ליקווידירנ א דורכרײַס, ווענ דער פארגעבענער מאטעריאל האָט צומ גאנג פונ אוראָק קיינ שומ שײַכעס ניט. צומ בײַשפיל: איכ זע, אז כעוורע זײַנענ שוואכ אינ א געוויסנ געביט, כאָטש לויט דער פראָגראמ האלטנ מיר שוינ ווײַטער, זאָג איכ פונ סאמע אָנהייב פונ לימעד, וואָס איכ פארגיב אהיימ, דעמלט קומט אויכ פאָר דער קאָנטראָל אינ אָנהייב לימעד".

אייניקע שולנ האלטנ זיכ גאָר בא אזא פרינציפ: צומ סאָפ פונ אלע לימודימ דארפנ די שילער בלײַבנ א שטיקל צײַט אינ קלאס אונ דעמלט גייענ אויפנ די לערער אונ פארגיבנ די היימ־ארבעטנ. דאָס טוענ זיי

יעצט, ווײַל זיי האָבנ אפ דעמ אוראָק ניט באַוויזנ צו פארגעבנ אהיימ אונ ניט געוואָלט די כעוורע פארהאלטנ אינ קלאס נאָכנ גלאָק.

ס'איז ניט נייטיק צו דערווײַזנ, אז דער דאָזיקער פּרינציפּ האלט ניט אויס קיינ שומ קריטיק אונ ער דארפ אָפּגעוואָרפנ ווערנ.

## וועגנ פיקסאציע פונ דעמ, וואָס מע פארגיט אהיימ

מיר האָבנ זיכ אינטערעסירט מיט דער פראגע, צי פארשרײַבנ ערגעצ־ווו די שילער דאָס, וואָס מע פארגיט אהיימ, צי האָבנ זיי באַזונדערע העפטנ דערצו? צי לערנט מענ זיי פיקסירנ?

אינ ערשטנ קלאס פארשרײַבנ ניט די קינדער, וואָס מענ פארגיט זיי אונ דאָס איז ריכטיק: אזוי לאנג, ווי זיי קענענ ניט מער־ווייניקער פרײַ אונ ריכטיק שרײַבנ, איז דאָס אנ איבעריקע זאכ.

אנ ערעכ צומ 4־טנ קווארטאל ווערנ שוינ די היימפארגעבונגענ קאָמפּליצירטער סײַ אינ קאמעס, סײַ אינ אייכעס. די קינדער קענענ דעמאלט שוינ מער־ווייניק זעלבשטענדיק שרײַבנ. דעמאלט קענ מענ באַמערקנ בא די קינדער א שטארקע נייגונג צו פארשרײַבנ די פארגעבענע אוראָקנ. דאָס קענ מענ דערקלערנ מינאסטאמ מיט דער נויטווענדיקײַט אונ ווילנ אָנצווענדנ די קענטעניש אונ אויכ מיט ווענ נאָכמאכנ די עלטערע כאוויירימ. גראָד דאָ איז דער פאסיקער מאָמענט אויסצולערנענ די קינדער די טעכניק פונ פארשרײַבנ, וואָס מ'פארגיט אהיימ.

צי באמיט זיכ אָבער דעמאלט דער פעדאגאָג דאָס פארשרײַבנ אָרגאַניזירנ אונ אויסלערנענ די קינדער פארשרײַבנ לויט א באשטימטער אָרדענונג? דאָס ווערט, אפ וויפל אונדזערע פאָרשונגענ באַווײַזנ, אינערגעצ ניט געטאָנ, דערפאר איז טאקע די קינדערישע פיקסאציע שטארק פעלערהאפט סײַ אָרטאָגראפיש, סײַ לויט דער סיסטעמ פונ פארשרײַבנ.

ווי זעט אויס די פיקסאציע?

יעדעס קינד האָט עפּעס אנ אייגענעמ אויפנ פונ פארשרײַבנ: ווער אפ דעמ אָדער יענעמ העפט, ווער אפ דער הילע פונ בוכ, ווער אפנ הינטערנ־עמ דעקל פונ פענאל, ווער אינ א באזונדער בלאָקנאָטיקל·

אָפּגערערט שוין וועגן די פֿאַרשרײַבונגען אין בוך גופֿע, אָדער אַפֿ א צומעליקן פּאַפּיר. ס'איז גענוג צו כאַפּן נאָר א קוק אַפֿ די פֿאַר־שרײַבונגען אַפּילע אין דעם ספּעציעלן בלאָקנאָטיקל, וואָס דאָס קינד האָט אײַנגעפֿירט לויט זײַן אייגענער איניציאַטיוו, קעדיי זיך איבערצײַגן, אַז דאָרט הערשט אַן עמעסער כאַאָס.

מיר פֿרווון ברענגען נאָר אייניקע בײַשפּילן פֿון עטלעכע קלאַסן:

פֿיל שילער פֿאַרשרײַבן אַפֿ די שאַר־בלעטלעך פֿון די ביכלעך, אַנ־דערע אין אַן אויסגעשריבענעם העפֿט, עטלעכע יאָטן פֿונעם 3־טן קלאַס שרײַבן אַפֿ אויסגעשריבענע און פֿאַרצייכנטע בלאָקנאָטיקעס. דאָס וואָס מע פֿאַרגיט אַהיים, שרײַבן זיי אַרײַן צווישן די שורעס פֿון דעם פֿאַרשריבענעם פֿון פֿריער. אייניקע שרײַבן נאָר אַפֿ עפּעס שטיקלעך צעקנייטשטע פּאַפּיר, דערבײַ זײַנען דאָ אַלע געגעבענע, אַז זיי וועלן דאָס פּאַפּירעלע פֿאַרלירן. אינדערהיים הייבט מען אָן זוכן: „ווו האָב איך פֿאַרשריבן", אַפֿ וועלכן העפֿט? און פֿיל קינדער קענען דעריבער גאַנץ אָפֿט ניט מאַכן די לימודים. מע פֿאַרשרײַבט אַזוי, אַז קומענדיק אַהיים, ווייסט דער שילער ניט וויסן וואָס דאָס שרײַבן באַטײַט. אויב ער געדענקט ניט אַפֿן קאָפּ, וואָס דער לערער האָט פֿאַרגעבן, קען אים דאָס „פֿאַרשרײַבעכץ" גאָרניט העלפֿן. די דאָזיקע פֿאַרשרײַבונגען זײַנען בעעמעס אַ מוסטער פֿון דעם, ווי אַזוי מע דאַרף ניט פֿאַרשרײַבן. זיי געוווינען דעם קינד צו דעם, אַז מע קען שרײַבן נאַכלעסיק, פֿעלערהאַפֿט, ניט אופֿמערקזאַם.

אַ צווייטע קאַטעגאָריע כעוורע פֿאַרשרײַבן אינגאַנצן ניט, נאָר מאַכן פֿאַרשיידענע „פֿייגעלעך", אַפֿ די זײַטלעך, וואָס מע דאַרף איבער זיי אַרבעטן. דאָס ביכל האָט דעמלט אַ טוויעריקן אויסזען, דערצו העלפֿט ניט שטענדיק דאָס פֿייגעלע געפֿינען, וואָס מ'דאַרף. אַכוץ דעם געוווינען מיר ניט צו די קינדער צו שאַנעווען דאָס בוך.

אַפֿ דער פֿראַגע אַפּילע צו די בעסטע פּעדאַגאָגן, צי ווייסן זיי, ווי־אַזוי און אַפֿ וואָס די קינדער פֿיקסירן—קומט מערסטנטייל אַן ענטפֿער, אַז זיי זײַנען מיט דעם פֿאַקט, וואָס די קינדער כאַפּן זיך אַלײן צו פֿיקסירן, ניט צופֿרידן. בײַ דער אומצופֿרידנקײַט בלײַבט עס אָבער, מע קוקט אַפּילע ניט אַרײַן אין די בלאָקנאָטיקלעך און אין די אַנדערע פֿאַר־שרײַבעכצן, מע וויל ניט זען, וואָס דאָרט טוט זיך. „איך האָב קיין צײַט

יט דערופ". „ס'איז דאָרט אזא כאַאָס, אז ס'ווילט זיכ גאָר ניט אַרײַנקוקנ", „אוואדע, וואָלט מענ באַדאַרפט דאָס אָרגאַניזירנ, כ'האָב אָבער דערצו קיינ צײַט ניט" א. א. וו. צו דעמ מוז נעמענ א סאָפ!

עס מוז אָבליגאַטאָריש אַרײַנגעפירט ווערנ א ספּעציעלער העפט־זשורנאַל אָפ צו פאַרשרײַבנ דאָס, וואָס מע פאַרגיט אַהיימ. יעדעס קינד מוז האָבנ אזא העפט־זשורנאַל. אזעלכע העפטנ זײַנענ געווענ אינ דער אַלטער שול. דער פאַקט, וואָס אינ פאַרקויפ זײַנענ דערווײַל אזעלכע פאַרטיקע העפטנ־זשורנאַלנ ניט פאַראַנ, קענ ניט זײַנ קיינ שטערונג אזעלכע העפטנ־זשורנאַלנ אַלײנ צו מאַכנ.

די פאַרגרײַזטע, אָפּטמאָל פאַרקריפּלטע קינדער־פאַרשרײַבונגענ זײַנענ דער בעסטער אגיטאַטער דערפאַר, אז מע דאַרפ מיט די פאַרשרײַבונגענ אָנפירנ, אז מע דאַרפ די קינדער ווײַזנ וואָס פריער פאַרשרײַבנ, וואָס שפּעטער, וואָס מוז מענ פאַרשרײַבנ, וואָס קענ מענ אַרויסלאָזנ א. א. וו.

צי זײַנענ די פאַרשרײַבונגענ נייטיק אינ אָנפאַנג־שול? אָנ סאָפעק. מיר האָבנ ספּעציעל געשמועסט מיט זייער פיל קינדער וועגנ דעמ. אָפ דער פראַגע „צוליב וואָס פאַרשרײַבסטו?" קומט טאָמיד דער ענטפער: „קעדיי געדענקענ, וואָס מע האָט פאַרגעבנ", „אז איכ פאַרשרײַב ניט, טרעפט אמאָל, אז איכ פאַרגעס, וואָס מע האָט מיר פאַרגעבנ", „קעדיי בעסער פאַרגעדענקענ", „קעדיי כ'זאָל ניט פאַרגעסנ" א. א. וו.

א גרויס בייז איז דאָס, וואָס די לערער האַלטנ ניט פאַר נייטיק אָנשרײַבנ אָפנ טאָוול, וואָס מע פאַרגיט אַהיימ. אָפ אַלע קיעווער אורעָקנ (אינ די 3־טע קלאַסנ), אָפ וועלכע מיר זײַנענ בײַגעווענ, האָבנ מיר קימאַט ניט געטראָפנ אזא לאַגע, אז דער לערער זאָל פאַרשרײַבנ אָפנ טאָוול דאָס זײַטל, דעמ נאָמענ פונ דיער דערציילונג, אָדער די נומערנ פונ די אויפגאַבעס, וואָס ער פאַרגיט.

דאָס קינד דאַרפ ניט נאָר הערנ דעמ נומער פונ זײַטל, וואָס ער דאַרפ איבערלייענענ, נאָר ער דאַרפ אימ זענ אָנגעשריבנ, ווײַל א טייל כעוורע קענענ פאַרהערנ, וואָס דער לערער זאָגט. ס'איז געווונטשנ, אז כעוורע פונ ערשטנ אונ 2־טנ קלאַס זאָלנ גלײַכ אויפמישנ אָפנ אָרט דאָס זײַטל אונ זענ די דערציילונג אָדער אויפגאַבע, וואָס זיי דאַרפנ אינדערהיימ מאַכנ.

אינ איינער א שול מאכנ די לערער פונ ערשטנ אונ צווייטנ קלאס אפילע אזוי:

אכוצ דעמ, וואָס אפ יעדנ לימעד מעלדנ זיי די קינדער, וואָס ס'ווערט פארגעבנ אהיימ,—איז צומ סאָפ טאָג שרייבנ זיי נאָכאמאָל ארויס אפנ טאָוול אלע פארגעבונגענ, וואָס זיינענ אָנגעמערקט געוואָרנ אינ מעשעכ פונ טאָג, קעדיי נאָכאמאָל דערמאָנענ די קינדער.

## קאָנטראָל אונ דיסקאָנט

די טעכניק פונ פארגעבנ אהיימ לימודימ איז ענג פארבונדנ מיט די פראגנ פונ קאָנטראָל אונ דיסקאָנט פונ די דאָזיקע ארבעטנ. אָפרייסנ איינס פונ אנדערנ וואָלט געווענ ניט ריכטיק.

ווי האלט עס אינ דער פראגע?

אינ דער איבערוועגנדיקער מערהייט שולנ איז דער קאָנטראָל אונ דיסקאָנט פונ די היימ־ארבעטנ אינ זייער א קלאָגעדיקנ צושטאנד. מיר האָבנ געטראָפנ קלאסנ, ווו אינ מעשעכ פונ גאנצע וואָכנ האָבנ לערער די היימ־ארבעטנ ניט קאָנטראָלירט אונ ניט דיסקאָנטירט. בא די דאָזיקע לערער פאסט זיכ עפעס דער קאָנטראָל ניט אריינ אינ גאנג פונ אוראָק. זיי געפינענ ניט דערופ קיינ צייט אונ מעגלעכקייט. בא די קינדער, וואָס האָבנ זיכ אינ אָנהייב באצויגנ מיט פולער ערנסט צו די היימ־פארגעבונגענ, ווערט צוביסלעכ ג'שטעלט אונטער א סאָפעק די וויכטיקייט אונ נויטווענדיקייט פונ דער היימ־ארבעט.

פונ די דאָזיקע קינדער הערט מענ אָפט טייַנעס צומ פעדאגאָג:
„ווענ וועט איר אויסהערנ די דערציילונג, וואָס איר האָט געהייסנ איבערלייענענ"?—„ווענ וועט איר שוינ דורכקאָנטלירנ, צי מיר האָבנ ריכטיק געמאכט די אויפגאבעס"? „אומזיסט ארבעטנ מיר אינ דערהיימ, איר זאָגט צו זיכ באקענענ מיט אונדזער ארבעט אונ קיינ מאָל קוקט איר זי ניט דורכ". „עכ, קיינ מאָל קוקט דער לערער ניט דורכ, וויאזוי איכ האָב געמאכט דעמ פארגעבענעמ אוראָק אפ געזוקענט".
א. א. וו. א. וו.

דאָס ברענגט דערצו, אז צו ביסלעכ הייבנ די קינדער אָנ לייַכט שעצנ די היימ־ארבעטנ אונ עס ענדיקט זיכ געוויינלעכ דערמיט, אז זיי

הערנ אינגאנצנ אופ צו גרייטנ די לימודים. אויב דאָס קינד ווייסט, אז די ארבעט איז שפעטער קיינעמ ניט נייטיק, אויב מע וועט אימ די ארבעט ניט דורכקאָנטראָלירנ און אָפּשאצנ, איז צו וואָס דארפ ער ארבעטנ.

און מיר האָבנ דאָכ פונ צ. ק. אלקפ(ב) א דירעקטע אָנווייזונג ווי אזוי דער דיסקאָנט זאָל געפירט ווערנ: „אלס גרונט פונעמ דיסקאָנט פונ דער שול־ארבעט דארפ געלייגט ווערנ דער לויפנדיקער אינדיווידועלער, סיס־טעמאטיש דורכגעפירטער דיסקאָנט פונ די שילערס קענטעניש". ווי ווייניק ווערט אָבער די דאָזיקע דירעקטיווע אָנווייזונג אדורכגעפירט אינ לעבנ?

די באָבאכטונג, וועלכע מיר האָבנ געפירט אינ א גאנצער ריי שולנ, ווייזט, אז דאָרט, ווו די היימ־ארבעטנ ווערנ קאָנטראָלירט און סיסטע־מאטיש אָפּגעשאצט, דאָרט ווערנ זיי דורכ די שילער אויסגעפילט כימאט אפ 100%. אינ די דורכגעקאָנטראָלירטע העפטנ פאר 2 כאדאָשימ פונ אזעלכע קלאסנ, ווו דער קאָנטראָל און דיסקאָנט ווערט פינקטלעכ גע־פירט, האָבנ מיר נאָר אינ 2 פאלנ געטראָפנ, אז די לימודימ זיינענ ניט געווענ צוגעגרייט. מיר האָבנ געטראָפנ שולנ, ווענ אינ איינ קלאס מאכנ ווי א קלאל אלע 100% קינדער די אויפגאבנ, און אינ שבייעסדיקנ צי־מער בא א צווייטנ פעדאגאָג גרייט כימאט קיינער ניט די אויפגאבנ. די סיבע דערפונ האָבנ מיר ניט באדארפט לאנג זוכנ. אינ ערשטנ פאל קאָנטראָלירט און דיסקאָנטירט דער פעדאגאָג סיסטעמאטיש די היימ־ארבעטנ, אינ צווייטנ—טוט ער דאָס ניט. דער שולדיקער איז דאָ אלוינ אויסשליסלעכ דער לערער.

אפ אונדזער פראגע, ווענ קאָנטראָלירט איר די קינדערס היימ-ארבעטנ? האָבנ מיר, געוויינלעכ, באקומענ אזא ענטפער: „פונ צייט צו צייט", „ניט רעגולער", „ווענ ס'בלייבט צייט". פארשטייט זיכ, אז קיינ צייט בלייבט באמ לערער כימאט קיינמאָל ניט.

פונ 49 פארשיידענע פארגעבונגענ, וואָס מיר האָבנ באָבאכטעט אינ פארשיידענע קלאסנ בא פארשיידענע לערער פונ דער אָנפאנג־שול, זיינענ אינ קלאס דורכקאָנטראָלירט געוואָרנ צוועלפ, דאָס הייסט ווייניקער ווי 25%. מיר מיינענ, אז די גרעסטע טייל פונ זיי וועלנ שוינ קיינ־מאָל ניט דורכקאָנטראָלירט ווערנ. אויב מיר וועלנ נעמענ אינ אכט,

אז די דאָזיקע לערער נעמענ קיינמאָל ניט אהיימ די קינדערס העפטנ, וועט פאר אונדז ווערנ קלאָר, אז 75% פונ די קינדערס־היימ־ארבעטנ בלייבנ אָנ יעדנ קאָנטראָל. וואָס מער עס זאמלט זיכ אָנ ארבעטנ, אלצ ווייניקער שאנסנ איז דאָ, זיי זאָלנ ווענ עס איז קאָנטראָלירט ווערנ. אונ אכוצ דעמ האָט דער פארשפעטיקטער קאָנטראָל שוינ ניט די באדייטונג אונ ווירקונג, וואָס ער באדארפ האָבנ, ווענ ער ווערט געטאָנ צו דער צייט.

ווענ אזא פעדאגאָג נעמט זיכ שוינ אמאָל יאָ אפנ אוראָק קאָנטראָלירנ די היימ־ארבעטנ, געלינגט עס אימ צומייניסטנ ניט. ער האָט בא די קינדער ניט אויסגעארבעט די געהעריקע באציִונג צו דעמ קאָנטראָל.

ווענ דער שילער לייענט די צוגעגרייטע אינדערהיימ ארבעט, שטייט אינ קלאס א טומל, קיינער הערט ניט. מ'איז פארנומענ מיט עפעס אנדערש. מע הערט די לערערנ אויכ ניט.—זי איז פארנומענ מיט בארויִקנ די קינדער.

אונ אָפטמאָל וואָלט אזא קאָנטראָל געקאָנט ווערנ פארנ גאנצנ קלאס אינטערעסאנט אונ באלערנדיק, ער וואָלט געקענט געפירט ווערנ אזוי, אז כעווערע זאָלנ נעמענ אנ אָנטייל אינ אָפשאצנ די ארבעט פונ כאווער. אזויארומ וואָלטנ זיי אקטיוו, קריטיש אופגענומענ דאָס, וואָס דער כאווער האָט צוגעגרייט.

## די היימ-העפטנ

בא די לערער, וואָס לייגנ ניט קיינ גענוגנדע אכט אפ דעמ קאָנטראָל אונ דיסקאָנט פונ די היימ־ארבעטנ זיינענ געוויינלעכ די היימ־ארבעטנ בא די קינדער אינ זייער א פארלאָזטנ צושטאנד. אונדז האָט זיכ שטארק געוואָלט אָפפאָטאָגראפירנ כאָטש אייניקע אזעלכע העפטנ. מיר וועלנ דאָ פרווונ געבנ א פאָטאָגראפישע באשרייבונג פונ א צוויי העפטנ:

היימ־העפט פונ א שילער פונ דער 33 שול (קיִעוו). אינ העפט פעלנ עטלעכע בלעטלעכ, ארויסגעריסנ זיינענ זיי אזוי, אז א טייל פונ די איבעריקע בלעטלעכ זיינענ מיטגעריסנ. איינ בלעטל איז פארשריבנ מיט א בלייער, דערנאָכ גייענ עטלעכע בלעטלעכ פארשריבנ מיט טינט פונ פארשיידענע פארבנ. דערנאָכ גייט ווידער בלייער. צוויי בלעטלעכ זיינענ

פארנומענ מיט מאטעמאטישע איבונגענ, די וויַיטערדיקע בלעטלעכ — מיט
געזוקענט, דערנאָכ גייט ווידער מאטעמאטיק, דערנאָכ ייִדיש, ווידער
געזוקענט א. א. וו. עטלעכע בלעטלעכ זיַינענ פארשריבנ פונ רעכטס אפ
לינקס, די אנדערע פונ לינקס אפ רעכטס א. א. וו.

א צווייט בילד: דער יאַט מאכט די לימודים גאָר אפ א בלאָקנאָטל,
דאָרט פארשריַיבט ער דאָס, וואָס מע פארגיט, אונ גליַיכציַיטיק מאכט
ער דאָרט די אורזאָקנ.

בייס די שוואכע פרוווּנ פונ קאָנטראָל, וואָס דער לערער פרוּווט
אדורכפירנ, הייבט געוויינלעכ אזא יאטל אָנ צו זוכנ: „כאלד, ווו האָב
איכ עס פארשריבנ, אפ וועלכנ העפט?” כ׳געדענק ניט, אפ וועלכנ
זיַיטל”, א. א. וו.

בא די דאָזיקע לערער איז, געוויינלעכ, ניט איַינגעפירט, אז אפ די
גרונט־געגנשטאנדנ דארפ דער שילער האָבנ באזונדער א שול־העפט אונ
באזונדער א היימ־העפט. אלצ איז אינ העפט צונויפגעמישט אינ א קאשע.
גאָר אנדערש זעענ אויס די היימ־העפטנ בא די קינדער, וואָס זייערע
היימ־ארבעטנ ווערנ קאָנטראָלירט אונ דיסקאָנטירט. די היימ־העפטנ
זייענ לויט דער פינקטלעכקייט אונ ריינקיַיט ניט ערגער ווי די שול־העפטנ.

די דערפארונג וויַיזט, אז שוינ אינ די ערשטע קלאסנ דארפנ די
קינדער האָבנ באזונדערע היימ־העפטנ אפ מוטערשפראכ אונ מאטעמאטיק.

אינ די פאלנ, ווענ די קינדער האָבנ איינ געמיינזאמענ היימ־העפט אפ
די ביידע געגנשטאנדנ, שטערט דאָס דער פינקטלעכקיַיט פונ דער ארבעט.

פאראנ געגנשטאנדנ, וועלכע פאָדערנ ניט קיינ באזונדערע היימ־
העפטנ; אזוי צומ ביַישפיל, האלטנ די לערער פונ געאָגראפיע אינ די
4־טע אונ 3־טע קלאסנ, אז אזוי ווי די היימ־ארבעט אפ דעמ געגנשטאנד
איז מערסטנטייל א דירעקטע פאָרזעצונג פונ דעמ, וואָס איז דורכגע־
ארבעט געוואָרנ אינ גרופע, איז געווונטשנ, אז ס׳זאָל זיַינ גאָר איינ
העפט, קעדיי ניט צעריַיסנ די גאנצקיַיט.

פאראנ קינדער, בא וועלכע די היימ־העפטנ זיַינענ אינ א בעסערנ
צושטאנד, ווי די שול־העפטנ. אָבער אזעלכע פאלנ זיַינענ ניט אָפט,
דאָס זיַינענ דעריקער נערוועזע קינדער, וואָס אינ שול יאָגנ זיי זיכ,
קעדיי באוויַיזנ אָנשריַיבנ צוזאמענ מיט אלע, אונ האָבנ מוירע זיי זאָלנ
ניט אָפשטיינ,—ליַידט דערפונ דער אייכעס פונ זייער ארבעט. אינ דער־

היים זײַנענ אזעלכע קינדער רויִקער, די אטמאָספער איז ניט אזא נערוועזע. בא פיל קינדער ווידער איז די היים־ארבעט בעסער, ווײַל עלטערע העלפנ זיי צו.

כ־טע ווייצלער (מאָסקווע) און פיל אנדערע בעסערע לערער האָבנ זיכ דערשלאָגנ צו דעם, אז די היים־העפטנ פונ זייערע שילער זײַנענ אינ דערזעלבער מוסטערהאפטער אָרדענונג ווי די שול־העפטנ. וויִאזוי האָבנ זיי עס דערגרייכט? דורכ טאָג־טעגלעכנ סיסטעמאטישנ אײַנגעשפארטנ קאָנטראָל און דיסקאָנט. דורכ אומופהערלעכע פאָדערונגענ צו דעם אייכעס פונ די היים-ארבעטנ, דורכ שטענדיקע פאָדערונגענ צו דעם אויסערלעכנ אויסזענ פונ די היים־ארבעטנ. „מע דארפ אזוי אוועקשטעלנ די ארבעט, אז די קינדער זאָל ארײַנ אינ בלוט די נויטווענדיקײַט צו האָבנ אנ אקוראטנ העפט. מע דארפ אינ זיי דערציִענ די באציִונג צו דער אויסערלעכער זײַט פונ זייער ארבעט“, זאָגט כ־טע ווייצלער.

איינער פונ די סטימולנ צו שאפנ דעם אינטערעס צו דער אויסערלעכער זײַט פונ די קינדערשע ארבעטנ איז דאָס דעמאָנסטרירנ די בעסערע און ערגערע ארבעטנ, א ניט אקוראטער כעוורעמאנ זאָל זענ, וויִאזוי מע קענ האלטנ א העפט, וויִאזוי מע קענ שיינ שרײַבנ א.א וו. ניט קיינ קלענערער סטימול איז פאר די קינדער דער פאקט אליינ, וואָס זייער ארבעט ווערט אָפגעשאצט ניט נאָר לויט איר פינקטלעכקײַט, נאָר אויכ לויט איר אויסערלעכנ אויסזענ. דער קאמפ פאר א גוטנ היים־העפט דארפ זײַנ איינער פונ די שלאָג־פונקטנ באמ סאָצ. פארמעסט צווישנ די קינדער. די סאָצ. פארמעסטונג דארפ האָבנ א גרויסע ווירקונג אפ העכערנ דעם אייכעס פונ דער היים־ארבעט ביכלאל. דער קאָנטראָל און דיסקאָנט מיצאד דעם לערער דארפ אויכ ווערנ א מאָמענט פונ סאָצגעוועט צווישנ די לערער גופע.

## ווענ און וויִאזוי דיסקאָנטירנ

דאָרט, ווו ס'ווערט יאָ געפירט א קאָנטראָל פונ די היים־ארבעטנ, טוט מענ עס געוויינלעכ צומ סאָפ אוראָק. גראָד אזוי, ווי באמ פארגעבנ די אוראָקנ. אויכ דאָ מוזנ מיר ווידעראמאָל פעסטשטעלנ, אז בא פיל לערער פעלט אויס בויגעוודיקײַט,—ס'פילט זיכ א פארגליווערטקײַט.

זיי טראָגנ ניט אַרײַנ אינ דעמ פּראָצעס פונ קאָנטראָל קיינ פאַרשיידנאַרטיקייט, זיי זאָרגנ ניט דערפאַר, אַז דער קאָנטראָל זאָל פאַר די קינדער זײַנ אינטערעסאַנט, צוציִענדיק. זיי טוענ גאָרניט, אַז אויכ באַמ קאָנטראָל זאָלנ זיכ בעוורע לערנענ. דער אָפּ שטענדיק אײַנגעשטעלטער סטאַנדאַרט דערעסט שטאַרק די שילער.

לויט דער אײַנגעשטעלטער סכעמע דאַרפּ אָפּנ דורכקאָנטראָלירנ אונ אָפּנ פאַרגעבנ אַהיימ לימודימ אָפּגעגעבנ ווערנ די לעצטע עטלעכע מינוטנ פונ אורעק. מאַכט זיכ אָבער זייער אָפּט (צומ באַדויערנ צו אָפּט), אַז דער לערער רעכנט שלעכט אויס די צײַט, אָדער איבער ניט פאָרויסגעזעענע סיבעס פאַרציט זיכ דער פריִערדיקער טייל אורעק,— גייט דאָס אַלצ אָפּנ כעזשבנ פונ קאָנטראָל אונ דיסקאָנט. באַ פיל לערער טרעפט, אַז זיי באַווײַזנ ניט קאָנטראָלירנ אַפילע אַ קלײנעמ טייל פונ דעמ, וואָס זיי האָבנ פאַר זיכ אָנגעמערקט צו קאָנטראָלירנ.

צומ גליק האַלטנ זיכ אָבער ניט אַלע לערער באַ אַזאַ ניט באַוועגלעכער סכעמע פונ אורעק. פאַראַנ פיל פּעדאַגאָגנ, וואָס פירנ אַדורכ דעמ קאָנטראָל פונ די היימ־אַרבעטנ אָפּ אַ זייער אינטערעסאַנטנ אויפנ. באַ זיי קומט דער קאָנטראָל פאָר ווײַט ניט שטענדיק צומ סאָפּ אורעק. דער דיסקאָנט קומט אָפּטמאָל פאָר אינ אָנהייב לימעד אונ ווערט פאַרוואַנדלט אינ אַנ אויסגאַנג־פּונקט פאַרנ לימעד.

אָפּטמאָל קומט באַ זיי פאָר דער קאָנטראָל אינמיטנ אורעק,—דאָס איז, צ. ב. דעמאָלט, ווענ די היימ־אַרבעטנ דאַרפנ העלפנ אילוסטרירנ אָדער באַשטעטיקנ עפּעס אַנ אויספיר אָדער געזעצ, צו וועלכנ דער לערער וויל ברענגענ דעמ קלאַס.

באַ דער כ־טע ווײַצלער ווערט דער קאָנטראָל אַנ אָרגאַנישער אויסגאַנג־פּונקט פאַרנ לימעד: „מיר וועלנ דורכקאָנטראָלירנ די אַרבעט, וואָס איר האָט געמאַכט אינדערהיימ. עפּנט אויפּ די היימ־העפטנ". דער אָביעקט פונ קאָנטראָל איז פאָלגנדיקע אויסרעכענונג אָפּ כיבער אונ כיסער;

| | |
|---|---|
| 86+44 | 120—37 |
| 68+52 | 140—45 |
| 63+77 | 160—37 |
| 25+95 | 170—82 |

א. אַז. וו.

אלע עפענען טייקעס די העפטנ. אינ גרופע איז אנ אבסאָליוטע שטילקייט.

לערער: מאָטיע, לייענ דעם ערשטנ ביישפיל.

מאָטיע: 44+86 גלייכט זיכ 130.

לערער: בא וועמענ איז אויסגעקומענ אנדערש?

אלע שווייגנ.

לערער: איצט וועט מאָטיע דערקלערנ, וויאַזוי האָט ער גערעכנט.

מאָטיע: 4+40+86.

לערער: ווער האָט אנדערש גערעכנט?

מאיע: איכ.

לערער: וויאַזוי?

מאיע: 40+4+86.

לערער: ווער האָט אנדערש גערעכנט?

יולִיק: איכ. 10+40+80.

לערער: גוט. איצט וועט פעלעק לייענענ דעם צווייטנ ביישפיל.

וואָס קומט דאָ אייגנטלעכ פאָר? עס גייט אנ אוראָק פונ כיבער אונ כיסער. אנ אוראָק אפ וועלכנ די קינדער פארפעסטיקנ זייערע קענטעניש, אונ דער אָביעקט, אפ וועלכנ זיי איבנ זיכ, איז די היימ־ארבעט. די היימ-ארבעט באקומט אזויארומ א בארעכטיקונג. זי איז אנ אָרגאַנישער גליד פונ גאנצנ אוראָק. בא אזא איינגעשפארטנ אונ סיסטעמאַטישנ קאָנטראָל קענ מענ דערפירנ דעמ קלאס צו אזא מאדרייגע, אז ער זאָל די גאנצע צייט נאָכשפירנ נאָכנ געדאנקענ־גאנג פונ דעם שילער, וואָס ענטפערט, אונ קאָנטראָלירנ וויאזוי איז בא אימ די ארבעט אויסגעפילט געוואָרנ.

בא דער כ־טע לעאָנאָווא אינ דעמ 1־טנ קלאס גייט דער קאָנטראָל אנ ערעכ אויכ אזוי. צו אימ קומט נאָכ אָבער צו אינ סאמע אָנהייב אנ עטאפ: זי שרייבט אפנ ברעט די קאָלאָנקע, וועלכע די קינדער האָבנ אינדערהיימ געלייזט. זי רופט ארויס נאָכאנאנד שילער צומ ברעט אונ זיי לייזנ הויכ אפנ קאָל איינ-צוויי אופגאבעס אונ פארשרייבנ די לייזונג. די איבעריקע שילער קאָנטראָלירנ בא זיכ אינ די העפטנ, וויאַזוי האָבנ זיי געלייזט. אזוי די גאנצע קאָלאָנקע. שפעטער קומט דער

צווייטער עטאפּ. די לערערנ מעקט אָפּ די לייזונג פונ די בײַשפּיל אונ איצט דארפנ ערשט באזונדערע כעוורע, אזויווי אינ 2־טנ קלאס בא דער כ־טע ווײַזלער, דערקלערנ ווי אזוי האָבנ זיי גערעכנט. דער 2־טער עטאפּ איז דאָ אומבאדינגט נייטיק, ווײַל זייער אָפט מאכט דעמ כעשבנ אינדערהיימ ניט דאָס קינד, נאָר עמעצער אנ עלטערער.

עס דארפ ברייטער פּראקטיקירט ווערנ אויכ פאָלגנדיקער אויפנ פונ קאָנטראָל: די קינדער בײַטנ זיכ אויס אורעק מיט זייערע העפטנ. איינער קאָנטראָלירט דעמ צווייטנס ארבעט, אונ מעלדעט דעמ קלאס, וועלכע פעלערנ ער האָט אינ דער ארבעט געפונענ. אזא ארבעט, אפילע אינ די יינגערע קלאסנ, איז פאר די קינדער זייער אינטערעסאנט, אונ דער געפיל פונ אכרײַעס באמ קאָנטראָל ווערט שטארק געהויבנ.

זייער פארשפרייט איז אזא אויפנ פונ קאָנטראָל: בײַס די גרופּע איז פארנומענ אינ קלאס מיט עפּעס א זעלבשטענדיקער ארבעט, גייט דער לערער פונ איינ שילער צומ צווייטנ אונ קאָנטראָלירט די היימ־העפטנ. די שילער, וואָס ענדיקנ די ארבעט פריִער, מאכט דער פּעדאגאָג באמערקונגענ וועגנ זייער היימ־ארבעט.

דער דאָזיקער אויפנ פונ קאָנטראָל האָט אָבער ערנסטע קעגנער צווישנ פיל דערפארענע פּעדאגאָגנ. די מאָטיוונ זײַנענ פאָלגנדיקע.

ערשטנס, בײַס דער לערער נעמט קאָנטראָלירנ באמ שילער זײַנ היימ־ארבעט, ציט ער ניט ווילנדיק אָפּ דעמ קינדס אויפמערקזאמקײַט פונ זײַנ ארבעט, וואָס ער טוט יעצט אינ קלאס. יעדער שילער איז נײַגעריק (אונ דאָס איז א גאנצ בארעכטיקטע נײַגער) צו וויסנ, וואָס זאָגט דער לערער וועגנ זײַנ ארבעט.

אונ עס שיטנ זיכ דעמלט פראגנ פונ די קינדער:

„בא מיר איז גוט“? „דעמ בײַשפּיל האָב איכ ריכטיק געלייזט“? א.א.וו. אונ ווענ־זשע זאָל דער פּעדאגאָג דעמ שילער דערקלערנ א פעלער, וואָס ער האָט געמאכט? אויב ער טוט עס גלײַכ אפּ אנ אָרט, רײַסט ער אימ שוינ איבגאנצנ אָפּ פונ זײַנ איצטיקער גרונט־ארבעט, אויב ער טוט עס ניט, איז צו וואָס טויג דער גאנצער קאָנטראָל?

דער צווייטער מאָטיוו, וואָס ווערט ארויסגערוקט קעגנ אזא אויפנ פונ קאָנטראָל, איז דער: דער פּעדאגאָג דארפ נאָכשפּירנ אויפמערקזאמ נאָכ דער קינדערשער זעלבשטענדיקער ארבעט, וואָס גייט בעשאס מײַסע

אינ קלאס. דאָס קענ זײַנ נאָר דעמלט, װענ ער איז ניט פארנומענ מיט א צװײטער ארבעט.—דעמלט קענ ער באצײַטנס קומענ צוהילפ די, װאָס נײטיקנ זיכ דערינ, קענ ער זענ, װיאזױ עס גײט בא יעדנ קינד דער פראָצעס פונ ארבעט. ער קענ נאָכשפּירנ נאָכ דער ארבעטס־דיסציפּלינ אינ קלאס א. א. װ. א. װ.

די לערער פונ געאָגראפיע אינ די 3-טע אונ 4־טע קלאסנ האלטנ, אז די העפטנ אפ זײער געגנשטאנד איז ניט נײטיק אָפּט אהײמ צו נעמענ, די הײמ־ארבעט אפ דעמ געגנשטאנד באשטײט מערסטנטײל אינ צײכענענ אונ פארבאָלנ. די דערקלערונגענ איז נײטיק צו מאכנ גלײַכ אפנ אָרט.

כ־טע קאָסימאָװא (25 מאָסקװער מוסטער־שול) קאָנטראָלירט די געאָגראפישע געמעלנ, װאָס די קינדער האָבנ געמאכט אינדערהײמ אזױ:

„ערשטע רײ פארטעס לענג-אױס הײבט אופ די הענט”, זי גײט צו צו יעדנ שילער אונ קוקט דורכ, צי ער האָט ריכטיק אראָפּגעמאָלט אָדער נאָכגעצײכנט.

שפּעטער הײבט אופ די הענט די 2־טע רײ פארטעס לענג־אױס א.א.װ. זי מאכט גלײַכ אפנ אָרט באמערקונגענ װעגנ דער ארבעט. אלע פעלערנ פונ די צײכענונגענ װארפנ זיכ דעמ לערער אינ די אױגנ. דאָ פארנעמט דער קאָנטראָל אינגאנצנ עטלעכע מינוט.

## טיפּיזאציע פונ פעלערנ

נאָכדעמ װי דער לערער האָט זיכ גאנצ שװער אָנגעהאָרעװעט אינ־דערהײמ איבער די העפטנ אונ פאריכט די פעלערנ פונ יעדער העפט באזונדער, קומט ער אינ שול, אונ עס טרעפט, אז בא דעמ בעסטנ װילנ צו מאכנ גוט, מאכט ער שלעכט.

אָט איז א בײַשפּיל: דער פעדאגאָג צעניט די העפטנ, װאָס ער האָט קאָנטראָלירט אינדערהײמ אונ ער הײבט אָנ יעדנ שילער דערקלערנ, װעלכע פעלערנ ער האָט געמאכט (אפ דעמ גײט אָפּטמאָל אװעק א גאנצע שאָ). די איבעריקע זיצנ דעמלט אונ האָבנ ניט װאָס צו טאָנ. די ארבעט איז פאר קײנעמ ניט אינטערעסאנט. אונ די מערהײַט קינ־דער פארנעמענ זיכ מיט זײַטיקע איניאָנימ. דער שילער אלײנ, צו װע־מענ דעמ לערערס באמערקונגענ זײַנענ געװענדט, איז ניט בעקױעכ

אזוי גיכ צו באנעמענ זײַנע פעלערנ, ווײַל דער לערער האָט דאָכ ניט קײנ צײַט יעדנ שילער באזונדער גרינטלעכ זײַנע פעלערנ צו דערקלערנ. מיט אזא מעטאָד איז אומעגלעכ די פעלערנ אויסצוראָטנ. דאָ דארפ אײַנגעפירט ווערנ א געוויסע סיסטעמ.

ס'דארפ ברייטער פראקטיקירט ווערנ דאָס טיפּיזירנ פונ די פעלערנ, וואָס זײַנענ כאראקטעריסטיש פאר דער מערהײַט קינדער פונ קלאס. דער אינהאלט פונ אוראָק דארפ זײַנ דאָס אופקלערנ די קינדער די טיפּישע פעלערנ, אונ ניט יעדנ פעלער פונ יעדנ שילער באזונדער. אזויארומ פירט דער פּעדאגאָג אנ איבערכאזערונג־אוראָק, וואָס איז אינטערעסאנט אונ נייטיק פאר יעדנ שילער אונ אויכ פאר דער גרופּע אינגאנצנ גענומענ.

בײַמ דעמ באטראכטנ א באשטימטנ טיפּ פעלער, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר פיל שילער, קענ דער לערער אָנווײַזנ, וועלכע שילער האָבנ געמאכט אזעלכע פעלערנ.

די ניט טיפּישע צופעליקע פעלערנ דארפ מענ די קינדער דערקלערנ אינ א פּריוואטנ געשפּרעכ, אָדער אָנשרײַבנ אינ העפט פונ געגעבענעמ שילער.

אפ א בויגנ פּאפּיר אָדער אינ א באזונדער העפט שרײַבט מענ ווערטיקאל די פאמיליעס פונ די קינדער אונ האָריזאָנטאל רעכנט מענ אויס די טיפּנ פעלערנ, וואָס טרעפנ זיכ באמ קלאס. אויב א שילער האָט געמאכט א פעלער, שטעלט מענ א פּליוס אנטקעגנ זײַנ פאמיליע אינ דער ווערטיקאלער גרופּע, וואָס איז אָפּגעטײלט פאר דעמ געגעבענעמ טיפּ פעלער. אזויארומ באקומט זיכ א צווייפאכער דיסקאָנט. ס'איז גענוג צו ווארפנ אײנ בליק אפנ גראפיק, קעדיי זיכ איבערצײַגנ, וועלכע פעלערנ טרעפנ זיכ אמערסטנ אונ וועלכע זעלטנ. פונ דער אנדערער זײַט קענ מענ אויכ טייקעפ פעסטשטעלנ, וועלכע שילער מאכנ די גרעסטע צאָל פעלערנ אונ אפ וואָס דארפ דער לערער אכט לייגנ בא יעדנ שילער באזונדער.

די טיפּיזאציע פונ די פעלערנ קאָנ אָנגעווענדט ווערנ ניט נאָר, ווי אנדערע מיינענ, אינ דער מוטערשפּראכ אונ בא פרעמדע שפּראכנ, נאָר אויכ בא אלע אנדערע געגנשטאנדנ אפ מאטעמאטיק, געזונט, געאָגראפיע א. א. וו.

## וועגן איבערקוקן די קינדערשע העפטן אינדערהיים

פיל לערער האלטן ניט פאר נייטיק צו נעמען אהיים אפ קאנטראל די קינדערשע העפטן. אן אויסנאם זיינען דא די לערער פון מוטער־שפראך, אבער אויך ניט אלע. דער שילער שרייבט און שרייבט, און דאס אויג פון לערער קוקט דאס קיינמאל ניט אן. מיר האבן אדורכגעפירט אן אנקעטע וועגן די היים־ארבעטן צווישן די פעדאגאגן. מיר האבן אנגעפרעגט, צי דער פעדאגאג נעמט אהיים אפ קאנטראל די היים־ארבעט און ווי אפט טוט ער דאס? די איבערוועגנדיקע מערהייט האט געענטפערט: „ניין", „פון צייט צו צייט", „ניט רעגולער", „ס'טרעפט אמאל". די דאזיקע ענטפערס ווייזן, אז אפילע די פעדאגאגן, וואס באקענען זיך יא מיט די היים־ארבעטן טוען עס ניט סיסטעמאטיש, אן א פלאן, אכוץ דעם, וואס די קינדערשע פעלערן ווערן ניט אויסגעפאריכט באצייטנס, האט נאך דער לערער אוויאדום קיין מעגלעכקייט ניט צו זיין אין קורס פון דעם, וויאזוי גייט די דינאמיק פון קינדס קענטעניש און וויאזוי שטייגן זיינע געוווינהייטן זעלבשטענדיק צו ארבעטן.

ס'וואלט אבער געווען א טאעס צו מיינען, אז אלע לערער באציען זיך אזוי נאכלעסיק צו דער דאזיקער וויכטיקער פראגע. מיר האבן געטראפן מוסטערהאפטע סיסטעמאטישע ארבעטן איבער די קינדערשע היים־העפטן. אייניקע טוען אזוי: יעדן טאג, אן אויסנאם, בלייבן זיי אין שול אפ א שטיקל צייט מיטן ציל צו קאנטראלירן און דיסקוטירן די היים־ארבעט. דאס טוען לערער סיי אין די ערשטע, סיי אין די צווייטע קלאסן.

אנדערע, צ. ב., כ־טע גאר (1־טער קלאס), קאנטראלירן יעדן טאג די היים־העפטן אינדערפרי פארן אנהייב פון דער שול־ארבעט. זי קומט צוליב דעם א האלבע שא פריער. יעדעס קינד וייסט, אז אזוי ווי עס קומט, דארף עס גלייך צוגיין צו דעם פעדאגאג און ווייזן דעם העפט. דאס איז געווארן בא די קינדער א געוווינהייט, גלייך אפן ארט מאכט אים דער פעדאגאג אופמערקזאם אפ די פעלערן, אויב ער געפינט זיי. אין אייניקע שולן ווערט די ארבעט אזוי געפירט: שוין צום סאף פון 2־טן לערניאר און אין די 3־טע און 4־טע קלאסן נעמען פעדאגאגן אהיים די העפטן רעגולער איינמאל אין א זעקסטאג — פארן ארויסגאנג־טאג, גראד דער טאג איז באקוועם, ווייל אפן ארויסגאנג־טאג גיט

מענ ניט אהיימ קיינ שומ לימודימ. דערביי ווערט אפגעשאצט ניט נאר דער אייכעס פונ דער אויסגעפירטער ארבעט, נאר אויכ דער אויסערלעכער אויסזענ פונ דער פארגעבונג, פונ העפט א. א. וו. די אפשאצונג פונ דער היימ־ארבעט גייט, פארשטייט זיכ, ארייננ ווי א באשטאנדטייל אינ דער אפשאצונג פונ גאנצנ געגנשטאנד. די היימ־העפטנ אינ די דאזיקע קלאסנ איז שווער אונטערצושיידנ סיי לויט זייער אויסערלעכנ אויסזענ, סיי לויט דער פינקטלעכער אויספירונג פונ די שולהעפטנ.

געוויינלעכ, אינטערעסירנ זיכ די עלטערנ זייער שטארק מיט די היימ־ארבעטנ. פיל עלטערנ קומענ צוגיינ אינ שול פאדערנ, מע זאל מער פארגעבנ, קלאגנ זיכ, אז זייער קינד מאכט ניט די אורזאקנ צו דער צייט, אדער באציט זיכ צו נאכלעסיק. ניט ווייניק עלטערנ אינטערעסירנ זיכ וויאזוי ווערנ די ארבעטנ אויסגעפאריכט אינ שול. דער פעדאגאג קענ דורכ א געהעריקער ארבעט מיט די עלטערנ אויספירנ גאר לייכט, אז זיי זאלנ זיינ א פעסטע הילפ אינ דעמ זינ. דאס טוענ טאקע פיל שולנ. דארט, ווו די באציונג צו די היימ־ארבעטנ איז אוועקגעשטעלט אפ דער געהעריקער הייכ, טרעפט זייער אפט, אז ווענ דאס קינד איז קראנק, קומענ די עלטערנ אלע טאג אינ שול אונ דערוויסנ זיכ, וואס מע האט פארגעבנ אהיימ. אזוי ווייט זיינענ סיי די שילער, סיי די עלטערנ פאראינטערעסירט אינ דער היימ־ארבעט.

## דער אנטייל פונ די קינדער אינ קאנטראל אונ דיסקאנט

די קינדער קענענ העלפנ דעמ לערער אינ קאנטראל אונ דיסקאנט פונ די היימ־ארבעטנ. אינ דער היסטארישער באשטימונג פונ צ. ק. אלקפ(ב) פונ 5־טנ סענטיאבער 1931 יאר ווערט געזאגט:

„אוועקשטעלנ די ארבעט פונ די ארגאנענ פונ קינדערס זעלבסטפארוואלטונג אזוי, אז זי זאל דעריקער זיינ געווענדט אפ העכערנ דעמ אייכעס פונ לערנענ אונ אפ פארפעסטיקנ די באוווסטזיניקע דיסציפלינ אינ שול”.

אינ די סאצ. אפמאכנ, וואס די קלאסנ שליסנ צווישנ זיכ וועגנ קאמפ פאר אייכעס פונ לערנענ, מוז איינגעשלאסנ ווערנ אויכ דער קאמפ פארנ אייכעס פונ די היימ־ארבעטנ. דאס איז זייער נייטיק, קעדיי צו דערהייבנ אפ דער נייטיקער הייכ די היימ־ארבעט.

מע דארפ אריינציִען די קינדער אינ קאמפ פאר שאפנ ארומ די היימ־ארבעטנ די געהעריקע געזעלשאפטלעכע אטמאָספער פונ דעמ גאנצנ קינדער־קאָלעקטיוו. דאָס קענ דינענ ווי א סטימול פאר די אָפּגעלאָזענע כעווריע זיי זאָלנ זיכ אונטערציִענ. מע טאָר אָבער דערבײַ אפ קיינ איינ מינוט ניט פארגעסנ, אז די ראָל פונ דעמ לערערס קאָנטראָל טאָר אפ קיינ האָר ניט געמינערט ווערנ. פונקט אזויווי אינעמ גאנצנ פּעדפּראָצעס, איז אויכ דאָ דער לערער די הויפּט־פיגור. קיינער קענ דעמ לערער ניט פארבײַטנ. די קינדער קענענ געבנ הילפ דעמ לערער, אָבער דאָס לעצטע וואָרט האָט דער פּעדאגאָג. ער איז פאר דער זאכ פונ דיסקאָנט אונ קאָנטראָל קוידעמקאָל פאראנטוואָרטלעכ.

פאראנ שולנ, ווו לויט דער איניציִאטיוו פונ די פּיאָנער־מאכנעס איז אײַנגעפירט געוואָרנ א סיסטעמאטישער טאָג־טעגלעכער קאָנטראָל פונ די היימ־ארבעטנ.

פאראנ שולנ, ווו די קינדער נעמענ אנ אָנטייל אינ דיסקאָנט פונ די היימ־ארבעטנ, אָנגעהויבנ אפילע פונ די ערשטע קלאסנ (אינ סאָפּ לערניאָר).

די ארבעט ווערט געפירט אנ ערעכ אזוי:

אינ יעדער בריגאדע איז אויסגעטיילט א ספּעציִעלער דיסקאָנטירער, וואָס פירט די ארבעט אלע טאָג.

דער דיסקאָנטירער איז מעכוייעוו צו קומענ יעדנ טאָג א שטיקל צײַט פארנ גלאָק. ער האָט זײַנ שטענדיק אָרט, ווו ער זיצט, קעדיי מע זאָל אימ ניט דארפנ זוכנ. כעווריע, וואָס קומענ צוגיינ, ווייסנ, אז זיי זײַנענ מעכוייעוו צוצוגיינ צו אימ אונ ווײַזנ זייער היימ־ארבעט.

דער דיסקאָנט ווערט דורכ די דיסקאָנטירער פארפיקסירט אינ א ספּעציִעלנ העפט לויט א באשטימטער פאָרמ:

3־טע בריגאדע—1־טער קלאס—ערשטער מארט

| שמוציקע | מיטעלע | ריינע | ניט צוגעגרייט |
| --- | --- | --- | --- |
| וואָלאָריע | מאַיע | שורע | עמע |
| — | ווילִיק | וואסיע | — |
| 1 | 2 | 2 | 1 |

אונטערשריפט פונ בריגאדיר.

דער סאכאקל ווערט איבערגעגעבנ שריפטלעכ, אָדער מינדלעכ דעמ דיסקאָנטירער, וואָס פירט דעמ דיסקאָנט פונ גאנצנ קלאס. יענער פירט דעמ דיסקאָנט אנ ערעכ לויט אזא פאָרמע:

ערשטער קלאס—אָקטיאבער 1933 יאָר

| דאטע | אויסגעפילט ריינ | אויסגעפילט מיטל | אויסגעפילט שמוציק | ניט אויסגעפילט |
|---|---|---|---|---|
| ערשטער. . . . . | 20 | 11 | 6 | 8 |
| צווייטער . . . . | 22 | 12 | 6 | 5 |
| דריטער . . . . . | — | — | — | — |

די געגעבענע פונ דעמ דיסקאָנט דינענ זייער אָפט דעמ פעדאגאָג פאר מאטעריאל אפ רעכענענ, מאכנ אופגאבעס, צייכענענ דיאגראמעס א. א. וו.

אינ 2־טנ אונ 3־טנ קלאס קענ מענ שוינ פירנ דעמ דיסקאָנט לויט פאָלגנדיקער סכעמע:

דיסקאָנט־העפט פונ די־ אויסגעפילטע היימ־ארבעטנ אפ מאטעמאטיק.

מ א ר ט

| דאטע / פאמיליע | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | | 7 | 8 | 9 | 10 | 11 | | 13 | 14 | 15 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| סלוצקי . . . . . . | + | + | — | + | — | | + | + | +ש | + | + | | — | + | |
| ראווינסקי. . . . . | + | +ש | — | — | + | | + | + | + | +ש | + | | + | + | |

בריגאדע — אונטערשריפט

א פליוס באטייט, אז די ארבעט איז אויסגעפילט, מינוס — אז די ארבעט איז ניט אויסגעפילט. אנדערע פראקטיקירנ נאָכ צו דעמ פליוס צוגעבנ אנ אָס „ש", דאָרט ווו די ארבעט איז אויסגעפילט, אָבער זי איז שמוציק געמאכט. די קינדער קענענ ניט אָפשאצנ דעמ אייכעס פונ דער

אַרבעט. זיי זײַנען בעקוועם ניט מער ווי פעסטשטעלן, צי דער שילער האָט די אויפגאַבן געמאַכט און וויאַזוי ער האָט זיי געמאַכט, ריין צי שמוציק, מער ניט.

## ראַציאָנאַליזאַציע פון די קינדערס אַרבעטן אינדערהיים

די פּראָבלעם שטייט אַזוי:

וויאַזוי זאָל דאָס קינד מאַכן די אַרבעט, פאַרלירנדיק מינימום ענערגיע און צײַט און באַקומענדיק דערבײַ די בעסטע רעזולטאַטן.

די הויפּט־אויפגאַבע פון נאָרמירן דעם קינדס אַרבעט אינדערהיים איז: דאָס קינד זאָל ניט ווערן איבערגעלאָדן, און דאַך זאָל עס באַקומען דעם מאַקסימום פון דעם, וואָס איז מעגלעך. פאַר דער סאָוועטישער פּעדאַגאָגיק שטייט די פּראָבלעם צו שאַפן די מעטאָדיק פון דעם קינדס היים־אַרבעט.

מיר מוזן געבן דעם קינד דעם מעטאָד, וויאַזוי צו אַרבעטן אינדערהיים. אָן אַ גרונטלעך דורכגעטראַכטן אינסטרוקטאַזש קען די היים־אַרבעט ניט האָבן דעם נייטיקן עפעקט.

די סאַמע פאַרשפּרייטסטע פעלערן פון אינסטרוקטאַזש זײַנען פאָלגנדיקע:

1) ער איז ניט קיין פולער, ד. ה. ער איז ניט פאַרענדיקט: מע זאָגט וואָס צו מאַכן, אָבער ניט וויאַזוי צו מאַכן;

2) מען דאָזירט ניט ווי געהעריק, מען פאַרטראַכט זיך ניט וויפל צײַט וועט פאַרנעמען די אַרבעט באַם קינד;

3) מע זאָרגט ניט וועגן דער היגיענע פון דעם קינדס אַרבעט אינדערהיים.

מיר וועלן זיך דערלויבן ברענגען אייניקע בײַשפּילן (3־טער קלאַס, קיִעווער שול, אַ לימעד געזעלשאַפטסקענטעניש). די לערערן גיט אַהיים אַן אַרבעט: „צום צווייטן מאָל קוקט נאָך איבער אין דער צײַטונג „זײַ גרייט“ וועגן שטיינקוילן און אײַזנאַרצ“. דאָס איז אַלץ, וואָס דער פּעדאַגאָג האַלט פאַר נייטיק זיי אויסצוקלערן. ס'ווילט זיך פרעגן דעם דאָזיקן פּעדאַגאָג: „ווען מע פאַרגיט אײַך אַן אַרבעט לויט אַזאַ „פּינקטלעכע“ אינסטרוקציע, וואָלט איר געוווּסט וואָס צוצוגרייטן“?

אן אנדערש מאָל דער זעלבער פעדאגאָג:

„איר דארפט אינדערהיים פארגלײַכן, וויפל קוילן און נאפט האָט מען ארויסגעקומען אינ ערשטנ פינפיאָר און וויפל אינ צווייטנ". וויאזוי פארגלײַכן, וויאזוי זאָלן דאָס קינדער מאכנ פאר זיך אָנשוילעך, קיינ וואָרט ניט.

2־טער קלאס (קיעווער שול). מע לײענט אפנ אוראָק א דערציילונג וועגנ דער פעווראל־רעוואָליוציע. אהיים פארגיט די לערערנ אפ איבערצולײענענ אזש גאנצע 2 דערציילונגען אפ עטלעכע זײַטלעך.

וואָלט דענ ניט געווען גלײַכער, ווענ דער דאָזיקער פעדאגאָג וואָלט פארגעבנ קורצינקע דערציילונגען, און דערצו געמאכט אופמערקזאם די קינדער אפ וואָס צו לייגנ אכט באם לײענען? פארגעבנ זיי איינע־צוויי פראגעס, אפ וועלכע די קינדער זאָלן פרווונ ענטפערן?

אזעלכע בײַשפילן וואָלטנ מיר געקענט ברענגענ אָנ א שיר, זיי באווײַזנ, אז דער לערער ווענדט צו ווייניק אופמערקזאמקײַט אפ דער טעכניק פונ פארגעבנ די היים־ארבעט. די וויכטיקסטע פאָדערונגען צו דער דאָזיקער טעכניק זײַנען פאָלגנדיקע:

1) די קינדער דארפנ באקומען א קלאָרע פאָרשטעלונג וועגנ דעם ציל פונ דער היימפארגעבונג. דער דאָזיקער ציל דארפ פאר זיי זײַנ פארשטענדלעך און צוציענדיק.

2) די פארגעבונג דארפ ווערנ פאָרמולירט קלאָר, ס'זאָל פארנ שילער ניט בלײַבנ קיינ ניט דערזאָגטעס, אָדער יעדער באזונדער זאָלן ניט טײַטשנ אנדערש. יעדע פארגעבונג דארפ זײַנ פולקום קאָנקרעט: „באשרײַב דאָס און דאָס", „לייענ איבער און גיב אנ ענטפער אפ פאָלגנדיקע פראגעס" א. א. וו.

דערבײַ דארפ פינקטלעך אָנגעוויזנ ווערנ דער נאָמען פונ דעם פארגעבענעם, דאָס זײַטל א. א. וו.

3) עס זײַנען אומבאדינגט נייטיק פאר די פארגעבונגען געבנ אָנווײַזונגען, וויאזוי צו ארבעטנ. דער לערער דארפ פאָרויסזענ די אלע שוועריקײַטן, וואָס דאָס קינד קענ טרעפנ באם אויספילנ די היים־ארבעט. מע דארפ בייסנ פארגעבענ די ארבעט מאכנ א פרווו צו לייזנ די שווערע ערטער דאָ אפנ אָרט אינ קלאס.

וואָס מער שוועריקײַטנ דער לערער זעט פאָרויס און מאכט אפ זיי אופמערקזאם די קינדער, אלץ מער שאנסנ איז דאָ, אז די ארבעט זאָל

ריכטיק אויסגעפֿירט ווערן אינדערהיים. דער אינסטרוקטאָר דאַרף זײַן אַזאַ, אַז ס׳זאָלן קימאַט ניט מעגלעך זײַן קיין גרײַזן באַם אויספֿילן די היימ־ארבעט.

4) יעדע גרעסערע פֿאַרגעבונג דאַרף צעטיילט ווערן אף באַזונדערע עטאַפּן און אָפּעראַציעס, פֿון וועלכע ס׳באַשטייט די געגעבענע אַרבעט. דאָס פֿאַרגרינגערט פֿאַרן קינד דאָס אויספֿילן די אַרבעט, ווײַל אים ווערט געגעבן ניט קיין סומאַרער אינהאַלט פֿון דער אַרבעט, נאָר באַזונדערע אָפּעראַציעס און עטאַפּן אירע. מע גיט דעם קינד, אַזוי צו זאָגן, דעם אָרגאַניזאַציאָנס־פּלאַן פֿון דער אַרבעט, אַזוי אַרום איז דאָס קינד בעקויעך די אַרבעט ריכטיק און פּינקטלעך אויסצופֿילן און ער נעמט זיך צו איר מיט פֿיל גרעסערן כיישעק.

פֿון דער אַנדער זײַט דאַרף מען זײַן געהיט מיט פֿאַרגעבונגען, וואָס האָבן אין זיך צופֿיל געניטע אָנווײַזונגען און דעטאַלן. דאָס שלאָגט אָפּ דעם כיישעק צו דער אַרבעט און קען אָפּטמאָל די אַרבעט נאָך פֿאַרשווערן.

5) אין דעם אינסטרוקטירן די קינדער וויאַזוי צו אַרבעטן מוזן אַרײַנגעטראָגן ווערן עלעמענטן פֿון צײַט־פּלאַנירונג. מע דאַרף דעם קינד אויסלערנען וויאַזוי פּלאַנירן זײַן צײַט, וואָס ער דאַרף אָפּגעבן אף שפּילן, ספּאָרט, לייענען און גרייטן די לימודים. מע דאַרף אים ווײַזן, וואָס ער דאַרף טאָן פֿריִער, וואָס שפּעטער, די שול דאַרף אַרײַנטראָגן אַ סיסטעם און אַ פּלאַן אין קינדס אויסערשול־לעבן און אַרבעט.

6) איינע פֿון די גרונט־פּאָדערונגען, וואָס מיר שטעלן דעם לערער איז־ער זאָל די פֿראַגע, אף וועלכער די קינדער דאַרפֿן אינדערהיים ענטפֿערן, ריכטיק און פּינקטלעך פֿאָרמולירן.

די פּראָבלעם פֿון ריכטיק פֿאָרמולירן די פֿראַגעס, אף וועלכע דאָס קינד דאַרף ענטפֿערן, איז זייער אַ קאָמפּליצירטע. און איבער איר איז שוין פֿיל געאַרבעט געוואָרן. פֿון דעם, וויאַזוי דער לערער פֿאָרמולירט די פֿראַגע, הענגט אָפּטמאָל אָפּ, צי דער שילער וועט די היימ־אַרבעט מאַכן, צי ניין.

אָפּטמאָל פֿאָרמולירט דער לערער די פֿראַגע אַזוי אומגעלומפּערט, אַז ווען דאָס קינד זאָל אַפֿילע זײַן מיט צען קעפּ, וועט ער אף ריכטיק ניט קענען ענטפֿערן.

# וועגנ דאָזירנ דעמ מאטעריאל

דער מאסנ־לערער ווייס ניט וויפל ער דארפ פארגעבנ ארבעט אפ אהיימ. ער איז נישט באוואָפנט מיט די דערגרייכונגענ, צו וועלכע די עקספערימענטאלע פעדאגאָגיק איז געקומענ. ער האָט די פאראָרדענונג פונ פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגעזונט, אינ וועלכע ס׳איז אָנגעוויזנ אפ וויפל שאָ אינ דעקאדע אונ אינ טאָג ער האָט רעכט צו פארגעבנ די קינדער אהיימ ארבעטנ. אָבער וויפל איז דאָס קינד בעקויעכ איבערצו־לייענענ אינ מעשעכ פונ אזא צײַט? וויפל איז עס בעקויעכ אָנצושרײַבנ, אויסצורעכענענ אינ דער אָנגעוויזענער צײַט—דאָס ווייסט ער ניט. ער פארלאָזט זיכ געוויינלעכ אפ זײַנ אייגענער דערפארונג, וואָס קומט אפנ סמאכ פונ זײַנע באָאבאכטונגענ איבער די קינדער. אונ יעדער לערער האָט זיכ אזוי ארומ זײַנ „אייגענע״ דאָזירונג פונ מאטעריאל. טרעפט איר לערער, וואָס פארגיבנ אהיימ אינ דעמ צווייטנ קלאס צו איבערלייענענ 2—1 זײַטלעכ מאקסימומ. אונ איר טרעפט לערער, וואָס דער מינימומ איז בא זיי 4—3 זײַטלעכ פונ דעמ זעלבנ מאטעריאל. די זעלבע פארשיידנארטיקײַט האָבנ מיר געטראָפנ אפ יעדנ געגנשטאנד אינ אלע קלאסנ.

אָפטמאָל אָריענטירט זיכ דער לערער אזוי שלעכט אינ דעמ, וויפל צײַט עס פארנעמט די אָדער יענע ארבעט באמ קינד, אז ניט איינמאָל מישנ זיכ אינ דעמ איניענ ארײַנ די מער אופמערקזאמע עלטערנ. זיי קומענ אינ שול אונ קלאָגנ זיכ, אז דער לערער פארגיט אהיימ אמאָל אוראָקנ אפ עטלעכע מינוט, אמאָל אפ עטלעכע שאָ.

די פראָבלעמ פונ דאָזירנ די היימ־ארבעט איז ענג פארבונדנ מיט דער פראגע וועגנ דער גיכקײַט, מיט וועלכער דאָס קינד לייענט, שרײַבט, רעכנט א. א. וו. אז דער לערער וועט וויסנ וויפל ווערטער לייענט דאָס קינד דורכשניטלעכ אינ א מינוט, ווי גיכ ער רעכנט א. א. וו. וועט ער וויסנ גענוי אונ פינקטלעכ וויפל ער קאָנ פארגעבנ אהיימ.

די בורזשואזע עקספערימענטאלע פעדאגאָגיק האָט פעסטגעשטעלט, וויפל א קינד פונ א באשטימטנ קלאס לייענט איבער דורכשניטלעכ ווער־טער אינ א מינוט, וויפל פארנעמט בא אימ צײַט דאָס רעכענענ. א. א. וו. דאָס זײַנענ אָבער סטאנדארטנ פונ בורזשואזע שולנ אונ זיי זײַנענ פאר

אונדז ניט מאָסגעבנד. מיר מוזן אזעלכע אויספאָרשונגען אוועקשטעלן פון ס'ניי איבער אונדזערע סאָוועטישע שול-קינדער און אליין קומען צו באשטימטע אויספירן.

אייניקע פּרוּוון פון אזעלכע עקספּערימענטן זיינען שוין בא אונדז געמאכט געוואָרן.

ס'וואָלט געווען זייער קעדײַ, אז אונדזערע סאָוועטישע פּעדאגאָגישע און פּעדאָלאָגישע פּעריאָדיק זאָל באקענען די ברייטע לערערשאפט מיט דער דאָזיקער פּראָבלעם, קעדיי זי זאָל באקומען הילף אין איר פּראקטישער ארבעט.

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבעס, וואָס שטייען פארן מאסן־לערער איז אויסלערנען אויסרעכענען די צייט, וויפל יעדער ארבעט דארף באם קינד פארנעמען ער זאָל זי קענען נאָרמירן און דאָזירן.

די אלע פּראָבלעמען מוזן פאר אונדזערע וויסנשאפטלעכע פּעד־אנשטאלטן געשטעלט ווערן ווי שלאָג־אויפגאבעס, וואָס מוזן וואָס גיכער געלייזט ווערן. מיר מוזן דעם לערער געבן דעם סטאנדארט פון גיכקייט פון לייענען, שרייבן און רעכענען. דאָס וועט געבן דעם לערער די מעגלעכקייט זיך אָנשפּארן אין זיין ארבעט ניט נאָר אף זיין אייגענער דערפארונג, נאָר אויך אף די דערגרייכונגען פון דער פּעדאגאָגישער וויסנשאפט. דאָס וועט מאכן א סאָף צו די צופעליקייטן אין לערערס ארבעט, וואָס טרעפן זיך ווען ער שפּארט זיך אָן נאָר אף זיין הוילער פּראקטיק.

אייניקע ווערטער וועגן דער פּראָבלעם פון קענען לאנג קאָנצענטרירן די אויפמערקזאמקייט אף איין ארבעט: דאָס קענען זיך קאָנצענטרירן קירצער אָדער לענגער אף איין ארבעט הענגט אָפּ סיי פון עלטער פונעם קינד, סיי פון דעם, צי ער באקומט אין דעם געביט געוויסע געוווינהייטן. דאָס דארף דער פּעדאגאָג נעמען אין אכט באם פארגעבן אהיים אויפגאבן.

אויך די דאָזיקע פּראָבלעם איז א וויכטיקע, דרינגדיקע ארבעט פאר דער סאָוועטישער פּעדאָלאָגיע און עקספּערימענטאלער פּעדאגאָגיק. וויסנדיק ווי לאנג א קינד פון א געוויסן עלטער איז בעקויעך זיך דורכ־שניטלעך צו קאָנצענטרירן אף איין ארבעט, וועט דער לערער וויסן וועלכע ארבעט און וויפל געגנשטאנדן ער קען דעם קינד פאר־

געבן אפ א באשטימטע צײַט־אָפּשניט, צי איז גלײַכער אפ דער 1/2—3/4 שעה, וואָס דאָס קינד דארף אינדערהיים ארבעטן, פארגעבן 2 געגנשטאנדן, צי 3. פאר אָט דער פּראָבלעם שטייט דער לערער אונ ווארט, אז אונדזערע סאָוועטישע וויסנשאפט זאָל אים געבן אפ איר אן ענטפער.

מען דארף זיך ספּעציעל אָפּשטעלן אפ דער געפאר פונ איבערבייגן דעם שטעקן, פונ פארלאָדנ זיך צופיל מיט פאר־געבן אוראָקן אהיים.

דאָס איבערלאָדנ די מאָס קען ברענגען ניט ווייניקער שאָדן, ווי דאָס ניט דערשאצן. ווענג דעם מוז דער לערער געדענקען אונ האלטן זיך שטרענג בא דער פאראָרדענונג פונ פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגע־זונט, וואָס ווײַזט אָן פּינקטלעך די צײַט אפ וויפל דער לערער האָט רעכט צו פארגעבן אוראָקן פאר די שילער אין יעדן קלאס באזונדער.

מע דארף קעמפן מיט די שולן אונ לערער, וואָס ווארפן זיך ניט אונטער דעם באשלוס פונ פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגעזונט, אז מען טאָר ניט פארגעבן לימודים אפן ארויסגאנג-טאָג. מיר דארפן געדענקען, אז דער ארויסגאנג־טאָג איז געמאכט געוואָרן אויסשליסלעך צוליב אָפּרו.

מיר ברענגען דאָ דעם באשלוס פונ די פאָלקסקאָמיסאריאטן פאר בילדונג אינ געזונט־אָפּהיטונג אינ א.ס.ס.ר., וואָס פארפליכטעט די שולן בא די היים־ארבעטן זיך האלטן בא באשטימטע צײַט־צײַגערס: „די היים־פארגעבונג באגרענעצן אזוי, אז בא די קינדער פונ דער

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1־טער | גרופּע | זאָל אויסגעבן דערויף | 4 | שעה | א דעקאַדע |
| 2־טער | " | " | 5 | " | " |
| 3־טער | " | " | 6 | " | " |
| 4־טער | " | " | 7 | " | " |
| 5־טער | " | " | 9 | " | " |
| 6־טער | " | " | 10 | " | " |
| 7־טער | " | " | 12 | " | " |

מיט דעם כעזשבן, אז אינ ערשטן קאָנצענטער זאָל אפ א באזונדערן טאָג די היים־אוראָקן באטרעפן ניט מער ווי $1^1/_2$ שעה. אינ 2־טן קאָנצענטער— ניט מער ווי $2^1/_2$ שעה. פארבאָטן געבן קינדער אהיים אוראָקן פארנ ארויסגאנג־טאָג" (פעווראל 1932).

## ווּעגן היגיענע פון די קינדערס ארבעטן אינדערהיים

אין אונדזער אויספאָרשונג האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אז סײַ באם לערער, סײַ באם דאָקטער און אפילע באם פעדאָלאָג (דאָרט, ווו ער איז דאָ) פארנעמט קימאט קײנמאָל ניט קײן אָרט די פראגע, אין וועלכע באדינגונגען קומט אויס דעם שילער צו גרייטן אינדערהיים די אוראָקן.

אין אונדזער אויספאָרשונג, וואָס מיר האָבן געמאכט צו א צווייטער ארבעט האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אז בא א גרויסן פראָצענט קינדער איז די וויכטיקסטע סיבע, וואָס ברענגט זיי צום אָפשטיין פון קלאָס— די ניט נאָרמאלע באדינגונגען, אין וועלכע זיי קומט אויס צו גרייטן די אוראָקן.

פאר די קינדער, וואָס לעבן אין שווערע דירע־באדינגונגען מוז די שול שאפן א מעגלעכקײַט, אז דאָס קינד זאָל קענען די אוראָקן גרייטן אין שול גופע. צוליב דעם מוז אין יעדער שול זײַן אויסגעטיילט א ספּעציעלער צימער פאר שטילע פארגעבונגען. אין די שולן, וואָס ארבעטן אין 2 אומבײַטן דארף דער שטילער צימער זײַן אָפן א גאנצן טאָג, אזוי, אז די קינדער פון ביידע אומבײַטן זאָלן קענען קומען אהינצו מאכן די אוראָקן.

דערפארענע לערער ווייסן, אז אָפטמאָל האָט דאָס קינד אינדערהיים ניט די מינימאלסטע ארבעט־באדינגונגען, כאָטש אינדערהיים זײַנען פאראנדערצו אלע געגעבענע: א גערײַמע קוואַרטיר, גענוג שײַן, ווארעם און דאָך האָט דאָס קינד אָדער אינגאנצן ניט קײן מעגלעכקײַט צו ארבעטן, אָדער עס קומט אים אויס צו ארבעטן אין די שווערסטע באדינגונגען. דאָס קינד גרייט די אוראָקן, ווען אין שטוב שטייט א גערויש, ווען מע ראמט, ווען ס'קומען ארײַן פרעמדע מענטשן און פירן שמועסן א. א. וו. א. וו.

בייס אזא ארבעט פארלירט דאָס קינד די ארבעט־אײַנשטעלונג, דאָס דעזאָרגאניזירט זײַן ארבעט, דענערווירט אים, און צײַט ווערט אָן א שיר געפאטערט. אין רעזולטאט לײַדט דערפון דער אייכעס פון דער ארבעט. דאָ איז שולדיק די גאנצע אָרגאניזאציע פון דעם פאמיליעלעבן, אָפגעלאָזטקײַט, קולטורלאָזיקײַט, אָפּוועזנהײַט פון יעדן פארשטאנד, אז מע דארף דעם קינד ניט שטערן—דאָס איז צום באדויערן א גאנצ

אָפטע דערשיינונג בא פיל עלטערן. די שול דארפ וויסנ ניט נאָר די מאטעריעל־שטייגערישע באדינגונגענ, אינ וועלכע ס'לעבט יעדער שילער, זי דארפ גענוי וויסנ, אינ וועלכע באדינגונגענ דעמ שילער קומט אויס די לימודימ צו גרייטנ. מענ דארפ פירנ אנ אופקלערונגס-ארבעט צווישנ די עלטערנ, וואָס פארשטייענ ניט אליינ צו שאפנ פאר די קינדער דעמ נייטיקנ מינימומ פונ ארבעט־רעזשימ אינדערהיימ. ארויסשטעלנ צו זיי גענויע פאָדערונגענ, זיי זאָלנ וויסנ, אינ וואָס באשטייענ זייערע פליכטנ. מיר דארפנ דאָס טאָנ סיי דורכ שטעלנ די פראגע ספעציעל אפ עלטערנ־פארזאמלונגענ, סיי דורכ פערזענלעכע שמועסנ מיט די עלטערנ, בא וועלכע די לאגע איז אינ דער הינזיכט א שווערע. די שול דארפ איינאָרדענענ פאר די עלטערנ ספעציעלע שמועסנ וועגנ דער היגיענע פונ גייסטיקער ארבעט, ס'איז נייטיק אונ צייטיק צו שטעלנ די פראגע וועגנ צעשיקנ פאר די עלטערנ סטאנדארטע אָנווייזונגענ וועגנ דער היגיענע פונ קינדערס גייסטיקער ארבעט.

דורכ ספעציעלע סיסטעמאטישע שמועסנ מיט די עלטערנ דארפ מענ אויסקלאָרנ, בא וועלכע באדינגונגענ מאכט דאָס קינד אינדערהיימ די אוראָקנ, צי דענערווירט עס זיכ, וועלכע שוועריקייטנ טרעפט עס.

אייניקע שולנ פאָדערנ בא די עלטערנ, אז זיי זאָלנ פארשרייבנ אינ קינדס העפט יעדנ באזונדערנ צופאל פונ איבערמידונג צוליב דער צו גרויסער אָדער צו שווערער ארבעט.

צומ באדויערנ זיינענ בא אונדז קימאט ניטאָ קיינ פאָפולערע בראָשורנ פאר עלטערנ וועגנ דער היגיענע פונ גייסטיקער ארבעט פונ קינ-דער. דאָס דארפ ערשט געמאכט ווערנ.

אויכ דער לערער הינקט דאָ בא אונדז שטארק צו. אונדזערע פע־דאגאָגישע הויכשולנ לייגנ זייער ווייניק אכט אפ אוועקשטעלנ, ווי ס'געהער צו זיינ די דיסציפלינ „שול־היגיענע“. צוהילפ דעמ לערער אינ שול דארפ דאָ קומענ דער שול־דאָקטער אונ דער פעדאָלאָג.

מ'דארפ זיכ אָבער נאָר מיט פראָפאגאנדע צווישנ די עלטערנ ניט באגרענעצנ. מיר דארפנ די קינדער גופע ארייננציענ אינ קאמפ פאר ראציאָנאליזירנ זייער גייסטיקע ארבעט, מיר דארפנ זיי צוליב דעמ באקענענ מיט די וויכטיקסטע קלאָלימ פונ היגיענע פונ גייסטיקער ארבעט. די שול דארפ פירנ א סיסטעמאטישע אופקלערונג־ארבעט צווישנ

די שילער, ארײַנציִענ זײ אינ פּראָצעס פונ אויסבעסערנ די באדינגונגענ פונ זײער ארבעט.

מיר דארפנ דאָס קינד אויסלערנענ שאפנ זיכ אינדערהײם נאָרמאַ־לערע באדינגונגענ פאר זײַנ ארבעט. מיר דארפנ אימ אויסלערנענ צו ענדערנ די באדינגונגענ אינ די ראמענ פונ מעגלעכקײַטנ.

מיר װײסנ, װאָס פאר א װיכטיקע ראָל בא דער ארבעט שפּילנ אזעלכע „קלײניקײַטנ", װי ריכטיק אװעקשטעלנ דעמ טיש, בא װעלכנ דאָס קינד ארבעט, דאָס בענקל, דעמ טינטער, דעמ לאָמפּ אפ א ריכטיקנ אָרט א. א. װ. א. װ.

דאָס אלצ מוז מענ ברענגענ צומ באװוסטזײַנ פונעמ קינד, אימ דערופ אופמערקזאמ מאכנ אונ לערנענ װיאַזױ אװעקשטעלנ דעמ אוראָק.

צומ באדױערנ איז בא אונדז קימאט ניטאָ קײנ קינדער־ליטעראטור אפ דער טעמע. אינ אונדזערע לערנ־ביכלעכ פונ מוטערשפּראכ, ליטע־ראטור אונ אנדערע פארנעמענ אזעלכע דערצײלונגענ, קלאָלימ קימאט אינערגעצ ניט קײנ אָרט.

די אויסלענדישע פּעדאגאָגיש־מעדיצינישע ליטעראטור װײסט װעגנ אזעלכע פּרוּװנ, סײַ אינ דער פאָרמ פונ כרעסטאָמאטיעס, סײַ אינ דער פאָרמ פונ ספּעציעלע זאמלונגענ פאר קינדער. ס׳איז העכסט װיכטיק, אז בא אונדז אינ ראטנפארבאנד זאָל אזא ליטעראטור פאר קינדער געשאפנ װערנ.

מיר דארפנ שאפנ פּאָפּולערע ליטעראטור, װיסנשאפטלעכע אונ קינ־סטלערישע, װאָס זאָל די קינדער העלפנ ראציאָנאליזירנ זײער גײַסטיקע ארבעט, װאָס זאָל זײ לערנענ ארבעטנ גײַסטיק, אָפּהיטנדיק דערבײַ דעמ מאקסימומ היגיִענע פונ מויעכ אונ קערפּער.

אינ אײניקע בורזשואזע לענדער װערט דורכגעמאכט אינ די עלטערע גרופּעס פונ שול א ספּעציעלער קורס פונ היגיִענע. מיט אזא קורס דארפ מענ זיכ ניט שטעלנ פאר א ציל געבנ מעדיצינישע קענטענישנ די קינדער. ס׳גײט װעגנ אויספורעמענ א ריכטיקנ היגיִענישנ דענקענ אונ טעטיקײַט בא די קינדער. אינ אזא קורס דארפ אנ אָנגעװיזענ אָרט פארנעמענ די היגיִענע פונ גײַסטיקער ארבעט.

יעדער לערער װײסט, אז בא קינדער פונ שול־עלטער טרעפנ זיכ פארשײדענע קרענקלעכע ענדערונגענ אינ כוט־האשעדרע. בא קינדער ביזנ שול־עלטער טרעפנ זיכ די דאָזיקע אנאָרמאלקײַטנ זעלטענער.

די צאָל קינדער מיט דעמ דאָזיקנ דעפעקט איז אינ דעמ ערשטנ שול־יאָר א גאנצ קלײנער, אָבער זי וואקסט פונ א יאָר צו יאָר.

דאָס דערקלערט זיכ אינ דער גרעסטער מאָס מיטנ ניט ריכטיקנ זיצנ פונ די קינדער בעשאס דער ארבעט. אָפטמאָל זײַנענ אינ דעמ שולדיק די שולפארטעס, אויב זיי זײַנענ ניט צוגעפאסט צו די קינדער.

אינדערהײמ איז די לאגע נאָכ ערגער. אינ שול גיט כאָטש אכטונג דער לערער, ער קאָרעגירט דעמ קינדס זיצנ מיט א באמערקונג. אינ־דערהײמ מאכט מענ אָבער דעמ קינד זעלטנ וועג אזא קאָרעגירנדיקע באמערקונג.

אָפט מאכט דאָס קינד די לימודימ אפנ פענצטער, אפ א בענקל, בא א צו הויכנ אָדער צו נידעריקנ טיש א. ד. גל. דאָס ברענגט צו אומנאָר־מאלע פאָזעס בא דער ארבעט, אינ צו ענדערונגענ אינ קערפער־געבוי. מיט דער צײַט לאָזט זיכ דאָס באמערקנ. מענ דארפ די קינדער מאכנ אופמערקזאמ אפ די רעזולטאטנ, צו וועלכע עס ברענגט דאָס שלעכטע זיצנ. די שול דארפ דורכ א סיסטעמאטישער ארבעט ברענגענ יעדעס קינד צומ באוווסטזײַנ, אז ער אלײנ דארפ לײגנ אכט אפ דעמ, ווי אזוי ער זיצט איבערנ בוכ, העפט א.א.וו. מע דארפ די קינדער אלײנ זאָלנ אופהײבנ א קאמפ פאר א ריכטיקער פאָזע באמ שרײַבנ אונ לייענענ, פאר ריכטיק האלטנ די פענ א. א. וו.

ס'איז אויכ באוווסט, אז די שול ווירקט שלעכט אפ דער ריִע פונ די קינדער. פילצאָליקע אויספאָרשונגענ האָבנ דערוויזנ, אז קורצזיכטי־קײַט ווערט פארגרעסערט אינ רעזולטאט פונ איבערמידונג פונ די אויגנ. אינ די אָנפאנג־שולנ טרעפט מענ קורצזיכטיקע קינדער זעלטנ, אינ די מיטעלע—אָפטער, אינ די הויכשולנ נאָכ אָפטער.

די שול לײגט וויײניק אכט אפ באזײַטיקנ די סיבעס, וואָס ברענגענ צומ וווקס פונ דער קורצזיכטיקײַט בא די קינדער. אפ קעמפנ מיט די סיבעס אינדערהײמ באמ קינד טוט די שול לעגאמרע גאָרניט.

מיר ווייסנ, ווי לײַכטזיניק די קינדער (אונ ניט נאָר קינדער) בא־גײענ זיכ מיט זײער ריִע: זיי לייענענ צווישנ טאָג אונ נאכט, זיי לייע־נענ בא צוויי שײַנענ—בא דער טאָג־שײַנ, וואָס קעמפט נאָכ מיט דעמ אָנגעצונדענעמ לאָמפ. זיי לייענענ זײער לאנג אונ לאָזנ די ריִע ניט

אָפּרוענ, לייענענ אָפּטמאָל שאָענ לאַנג ביכער מיט קליינעמ שריפט, דאָס בוך ליגט זייער ווײַט פונ די אויגנ א. א. וו. א. וו.

מע דאַרפ אויפקלערנ די קינדער די אַלע זאַכנ; מ׳דאַרפ זיי לאָזנ וויסנ, וויאַזוי צו זיצנ, וויאַזוי האַלטנ דעמ אָביעקט פונ אַרבעט. די שײַנ דאַרפ פאַלנ פונ דער לינקער זײַט, אָדער פונ אויבנ, אַזויאַרומ, אַז דאָס ביכל אָדער העפט זאָל זײַנ פול באַלויכטנ, מע דאַרפ די קינדער דערקלערנ אַז צווישנ טאָג אונ נאַכט, ווענ מע האָט נאָכ קיינ שײַנ ניט אָנגעצונדנ, טאָר מענ בעשומ אויפנ ניט שרײַבנ אונ לייענענ. מע דאַרפ אימ דערווײַזנ, צו וועלכע אויספירנ איז געקומענ די מעדיצינישע וויסנשאַפט אינ דעמ געביט.

אָפּטמאָל כאַפּנ זיכ די שילער צו מאַכנ די אוראָקנ טייקעפ נאָכדעמ, ווי זיי זײַנענ געקומענ פונ שול, ניט באַוווײַזנדיק אָפּצורוענ.—דאָס ברענגט צו שלעכטע רעזולטאַטנ. גאָר פאַרשפּרייט איז די געוווינהײַט בא די קינדער צו גרייטנ די אוראָקנ טייקעפ נאָכנ אָפּעסנ וואַרמעס. מיר וויסנ, אַז אינ אָרגאַניזמ קומט דעמאָלט פאָר א קאָמפּליצירטער פיזיאָלאָגישער פּראָצעס פונ פאַרדייענ די שפּײַז. די גײַסטיקע אַרבעט באַלד נאָכ דעמ עסנ שטערט דער רעגולערער אַרבעט פונ פאַרדייענ, אונ פונ דער אַנדער זײַט שטערט דאָס פאַרדייענ דעמ דערפאָלג פונ דער גײַסטיקער אַרבעט. בייס דעמ פּראָצעס פונ פאַרדייענ באַקומט דער מויעכ פאַרהעלטנסמעסיק א קליינע דערנערונג. אונ פאַרנעמענ זיכ דעמאָלט מיט אָנגעשטרענגטער גײַסטיקער אַרבעט איז צונויפגעבונדנ מיט א גרויסער ריזיקע פאַר דעמ קינדערשנ אָרגאַניזמ, וואָס איז אינ סטאַדיע פונ אַנטוויקלונג.

מיר דאַרפנ אויפקלערנ די קינדער די סיבעס צוליב וועלכע זיי טאָרנ זיכ ניט נעמענ טייקעפ נאָכנ קומענ פונ שול אונ טייקעפ נאָכ א זאַטנ עסנ צו גײַסטיקער אַרבעט, מיר דאַרפנ אויסלערנענ די קינדער אָפּרוענ אונ ערשט שפּעטער זיכ נעמענ צומ בוכ, העפט א. א. וו.

מיר מיינענ, אַז דער לערער דאַרפ רעקאָמענדירנ די קינדער א מינימומ קלאָלימ, וועגנ דער היגיענע פונ זייער גײַסטיקער אַרבעט אינדערהיימ. איינעמ אַזא מוסטער וועלנ מיר זיכ דאָ דערלויבנ צו ברענגענ:

1. איידער דו טרעטסט צו צו דער אַרבעט, מאַכ ריינ דעמ טיש, גרייט צו אַלע זאַכנ, וואָס וועלנ דיר צו דער אַרבעט נייטיק

זײַנ אינ אזא אָרדענונג, אז דו זאָלסט זיכ מיט זיי וואָס גרינגער קענענ באנוצנ.

2. אויב אינ שטוב זײַנענ דאָ מענטשנ, דערקלער זיי, אז זיי זאָלנ זײַנ רויִק, קעדיי דיר ניט שטערנ.

3. באקענ זיכ גוט מיט דער אופגאבע, וואָס דיר שטייט פאָר צו מאכנ, זע, צי דו האָסט אלצ פארשטאנענ־ערשט נאָכדעמ נעמ זיכ אויספירנ די ארבעט.

4. בײַ דער ארבעט זיצ גלײַכ, נאָר אָנ איבעריקער אָנ־שטרענגונג.

5. אויב דו ביסט מיד, רײַס איבער אפ עטלעכע מינוט די ארבעט, נאָכדעמ וועסטו בעסער ארבעטנ.

6. מאכ קיינמאָל ניט די אויגנ צווישנ טאָג אונ נאכט. זע די שײַנ זאָל פאלנ פונ דער לינקער זײַט אונ זי זאָל באלויכטנ דאָס ביכל אונ העפט, איבער וועלכנ דו ארבעטסט.

ס'איז געווונטשנ, אז אזעלכע קלאָלימ זאָלנ די קינדער שײנ אָנ־שרײַבנ אפ א גרויסנ בויגנ פאפיר אונ אימ אויסהענגענ אינ קלאס אונ בא זיכ אינדערהיימ.

אינ שול ווערנ אָפטמאָל אויסגעהאנגענ ספעציִעלע אופשריפטנ וועגנ אָפהיטנ די ריינקײַט. צווישנ דידאָזיקע אופשריפטנ דארפנ אויכ זײַנ אזעלכע, וואָס ווײַזנ אָנ אפ דער היגיִענע פונ גײַסטיקער ארבעט.

דער לערער דארפ אָבער געדענקענ, אז וואָס פינקטלעכער מע וועט די אלע קלאָלימ קולטיווירנ אונ אָפהיטנ אינ שול, אלצ מער גאראנטיע איז דאָ, אז זיי זאָלנ ווערנ בא די שילער פעסטע געוווינהײַטנ אונ שוינ מעמיילע אָפגעהיט ווערנ אויכ באמ מאכנ די אויגנ אינדערהיימ. דאָס שטרעבנ צו ראציִאָנאליזאציע אונ היגיִענע פונ דער גײַסטיקער ארבעט דארפ ווערנ א באשטאנדטייל פונ דער באוווסטזיניקער דיסציפּ־לינ אינ שול. דאָס דארפ פארנעמענ אנ אָרט אינ די סאָצ. זעלבסטפאר־פליכטונגענ פונ די שילער אונ אינ זייער סאָצגעוועט.

עטלעכע ווערטער נאָכ וועגנ אייניקע סיבעס, וואָס שטערנ דעמ נאָרמאלנ גרייטנ די אויגנ אונ רופנ זיכ שלעכט אָפ אפ די קינדער.

איר קענט אָפּטמאָל טרעפֿן אַזאַ מין בילד: איין טאָג דאַרף דאָס קינד גרייטן לימודים פֿאַר 4—3 לערער און דעם אַנדערן טאָג פֿאַר קיינעם ניט. דעריקער האָבן מיר אַזאַ לאַגע געטראָפֿן אין עלטערן קאָנ־צענטער. אָבער אויך שוין אין דעם 4—3 קלאַס, ווו ס'זיינען אָפּטמאָל פֿאַראַן עטלעכע גרונטלערער איז אַזאַ געפֿאַר פֿאַראַן.

די לערער מוזן קאָנטאַקטירן צווישן זיך דאָס אַהיים געבן אוראָקן. רעגולירן עס אַפּ אַזאַ אויפֿן, אַז לויט אַ ספּעציעלער אויסגעאַרבעטער רע־שימע זאָל יעדער לערער האָבן זיינע טעג, ווען ער מעג פֿאַרגעבן או־ראָקן. נאָר אַזוי־אַרום קען מען אויסמיידן דעם פּלאָנטער, וואָס הערשט אין דער פּראַגע. נאָר אַזוי־אַרום קען געמאַכט ווערן אַ סאָף צו דעם, אַז איין טאָג זיצט דאָס קינד ביז גאַנץ שפּעט, מידט זיך איבער, גייט שפּעט שלאָפֿן, און דעם אַנדערן טאָג האָט ער קיין שום אַרבעט ניט.

די פּראָבלעם פֿון רעגולירן די היימפֿאַרגעבונגען איז ענג פֿאַר־בונדן מיט דער פּראַגע פֿון רעגולירן די גאַנצע אויסערשול־אַרבעט פֿון אונדזערע שילער. די לאַגע מיטן רעגולירן די קינדערס צייט אוי־סער דער שול איז נאָך ביז היינט זייער ניט קיין גוטע. ביז היינט איז אַ טייל קינדער פֿון קאָלעקטיוו, ניט געקוקט אַפּ די פֿאַראָרדענונגען פֿון פֿאָלקאָמבילד און פֿאָלקאָמגעזונט, ביז גאָר איבערלאָדן, און דער אַנדע־רער טייל—פֿריי פֿון יעדער אויסער־שול־אַרבעט. די שול דאַרף זיך שטרענג נעמען צו רעגולירן די פֿאַרנומענקייט פֿון שילער־אַקטיוו, אַריינמישנדיק זיך ניט נאָר אין זיין געזעלשאַפֿטלעכער אָנלאָדונג, נאָר אויך אין זיין אָנלאָדונג מיט שטוב־אַרבעט.

די צו גרויסע אָנלאָדונג מיט געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט, אָדער מיט שטוב־אַרבעט שטערט אָפּטמאָל די דאָזיקע שילער גרייטן ווי ס'געהער צו זיינ די אוראָקן, אָדער רייסט אונטער די קויכעס בא די קינדער, וואָס באַמיען זיך ניט אָפּשטיין. אַזעלכע קינדער זיינען געצוווּנגען אָפּט־מאָל זיך אָפּזאָגן פֿון יעדן פֿרייען שפּאַציר, ספּאָרט א. א. וו., קעדיי אויסצופֿילן די גרויסע אַרבעט, וואָס עס ליגט אַפּ זיי.

די דאָזיקע איבערגעלאָדנקייט פֿון אַ טייל קינדער מיט געזעלשאַפֿט־לעכער אַרבעט איז נאָך אַ ירושה פֿון דער לינקאַטשישער איינשטע־לונג, וואָס האָט געטייַנעט, אַז די הויפּט־אויפֿגאַבע פֿון שול איז פֿירן אַ געזעלשאַפֿטלעך־נוצלעכע אַרבעט. מיר דאַרפֿן מיט דעם דאָזיקן אָפּ־

גרעסץ פון דער שול־אָפּשטאַרבונג־טעאָריע פירן אַ קאַמף ביז צום סאָם און אויסראָטן די מינדסטע שפּורן, וואָס זיינען פון איר געבליבן, ווײַל זיי זיינען אַ טאָרמאָז, וואָס שטערט אונדז צו ליקווידירן דעם גרונט־כיסאָרן פון שול.

די פּראָבלעם פון קאָמבינירן שווערע און גרינגע לימודים האָט אויך אַ שײַכעס צו די היימפאַרגעבונגען. באַם פאַרגעבן אויפֿגאַבן דאַרפן מען האָבן אינזינען צו קאָמבינירן אַ שווערן לימוד מיט אַ גרינגן, כדי ניט איבערמידן דאָס קינד. מע דאַרף אויך דעם קינד אויפמערקזאַם מאַכן אין וועלכער ריי עס איז געוואונטשן די אויפֿגאַבן צו גרייטן. זייער אָפט זיינען אין די שולן אַזוי שלעכט צונויפגעשטעלט די רעשימעס, אַז איין טאָג איז איבערגעלאָדן מיט „שווערע" געגנשטאַנדן און אַן אַנדער טאָג מיט „גרינגע". באַם אַהיים פאַרגעבן אויפֿגאַבן דאַרף מען אין אַזעלכע גרופעס געדענקען, אַז נאָך אַ שווערן טאָג אין שול זאָל דאָס קינד ניט דאַרפן מאַכן אויפֿגאַבן, אָדער דאָס גרייטן די אויפֿגאַבן זאָל רעדוצירט ווערן ביז אַ מינימום.

אין אונדזער אַרבעט האָבן מיר באַרירט ניט אַלע פּראָבלעמען מיט איין און דערזעלבער טיפקייט און גרינטלעכקייט.

איינציקע פּראָבלעמען האָבן מיר אַרויסגערוקט, ווי אַזעלכע, וואָס דאַרפן ווײַטער שטודירט און באַהאַנדלט ווערן, אַנדערע ווידער דאַרף מען ערשט אָנהייבן שטודירן.

מיר האָבן די דאָזיקע פּראָבלעמען אַוועקגעשטעלט, כדי מיט זיי פאַרינטערעסירן אונדזער ברייטע לערער־מאַסע און אונדזערע פּעדאַגאָגיש־וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג־אַנשטאַלטן.

ה. סאפּיאַנ

# די היימפּאַרגעבונגענ אינ עלטערנ קאָנצענטער פונ די קיִעווער יידישע שולנ

מאַטעריאַלנ פונ א פאָרשונג.

אונדזער פאָרשונג האָט אַרומגעכאַפּט אינטערנאַציאָנ 6 יידישע שולנ העכער 300 שילער פונ 2־טנ קאָנצענטער) אונ עקסטענסיוו אלע יידישע שולנ אינ קיִעוו.

דער ציל פונ אינדזער פאָרשונג איז געווענ קלאָרמאַכנ:

1) די אָרגאַניזאַציע פונ די היימפּאַרגעבונגענ;

2) פאָרמ אונ אינהאַלט פונ די פאַרגעבונגענ;

3) די אַרבעט פונ די קינדער איבער די פאַרגעבונגענ.

מיר האָבנ זיכ אינ דער פאָרשונג באַנוצט מיט פאַרשיידענע מעטאָדנ:

1) באַאָבאַכטונגענ אינ שול אונ בא די קינדער אינדערהיימ;

2) שמועסנ מיט לערער אונ מיט קינדער;

3) אַנקעטעס צווישנ לערער אונ קינדער;

4) אַנאַליז פונ שילערישע אַרבעטנ;

5) כראָנאָמעטראַזש פונ דעמ לערערס אַרבעט אַפּ פאַרגעבנ אונ קאָנטראָלירנ די פאַרגעבונגענ אונ פונ דער שילערישער אַרבעט איבער די פאַרגעבונגענ.

## די צילנ, וואָס די שול שטעלט, ווענ זי פארגיט ארבעט אהיימ

קעדיי באקומענ א בילד וועגנ צושטאנד פונ היימפארגעבונגענ איז נייטיק צומ ערשטנ פעסטשטעלנ, וואָס פאר א צילנ שטעלט פאר זיכ די שול מיט די פארגעבונגענ אפ אהיימ. מיט דער הילפ פונ אנ אנקעטע צווישנ לערער פונ עלטערנ קאָנצענטער האָבנ מיר פעסטגעשטעלט, אז דער ציל פונ די פארגעבונגענ איז בעערעכ איינער אונ דער זעלבער בא אלע לערער, אומאָפּהענגיק פונ דער דיסציפלינ: ער באשטייט מערסטנטייל אינ פארפעסטיקנ די יעדיעס, וואָס זיינענ געגעבנ געוואָרנ אינ קלאס.

אָט זיינענ אייניקע טיפּישע ארויסזאָגונגענ:

לערער פונ מאטעמאטיק—„דער ציל פונ די שולפארגעבונגענ דארפ זיינ: דורכ אָפטערע טרענירונגענ שאפנ בא די שילער געוויסע געוווינהייטנ אינ דער געגעבענער דיסציפלינ".

לערער פונ שפראכ—„פאר די שולפארגעבונגענ שטעל איכ פאר א ציל, אז די שילער זאָלנ פארפעסטיקנ דורכ איבונגענ דעמ דורכגעמאכטנ אינ קלאס מאטעריאל".

לערער פונ נאטורוויסנשאפט, כעמיע, פיזיק אונ געאָגראפיע—„די שילער זאָלנ פארשטארקנ אינ זיקאָרנ די יעדיעס, וואָס זיי האָבנ באקומענ אינ שול".

זעלטנ טרעפנ מיר אזוינע ארויסזאָגונגענ:

לערער פונ ליטעראטור—„דורכארבעטנ דעמ געלערנטנ מאטעריאל, טיילמאָל צוגרייטנ נייעמ מאטעריאל".

לערער פונ געזקענטעניש—„פארברייטערנ דעמ מאטעריאל".

## די רעגולירונג פונ די היימפארגעבונגענ

קימאט אלע לערער פונ שול פארגיבנ די שילער ארבעט אפ אהיימ. אונדז האָט אינטערעסירט: וויאזוי ווערנ רעגולירט די פארגעבונגענ פונ אלע לערער, קעדיי אויסמיידנ אומגלייכמעסיקע פארטיילונג פונ פארגעבונגענ אפ פארשיידענע דיסציפלינעס, איבערגעלאָדנקייט פונ שילער א. א. וו.

מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אז אין דער מערהײַט פון די אויסגע־פאָרשטע שולן איז ניטאָ קיין סיסטעם פון רעגולירן די פארגעבונגען אפ פארשיידענע לימודים.

נאָר אין איין שול האָבן מיר געטראָפן א ספּעציעלע רעשימע פון די היימפארגעבונגען, אין די איבעריקע שולן ווערן די פארגעבונגען דורך קיינעם ניט רעגולירט. יעדער לערער פארגיט די שילער ארבעט, ווען ער וויל און וויפל ער וויל.

א באדײַטנדע טייל לערער (57 פראָצ.) פארגיבן ארבעט נאָך יעדן לימעד זייערן. דאָס ברענגט צו דעם, וואָס די פארגעבונגען זײַנען סײַ לויט זייער צאָל, סײַ לויטן כאראקטער פון דער דיסציפּלין פארבונדן מיט דער לימודים־רעשימע פון דער געגעבענער שול. ווי ס'איז באוווּסט זײַנען די לימודים־רעשימעס אין אסאך שולן נאָך ווײַט ניט ריכטיק צו־נויפגעשטעלט. דער פּרינציפּ פון ראציאָנעלער קאָמבינירונג פון שווערע און גרינגע געגנשטאנדן, דאָסגלײַכן פון גלײַכמעסיקער פארטיילונג פון די געגנשטאנדן אין מעשעך פון טעג פון וואָך, ווערט ניט שטענדיק אָפּגעהיט און דאָס שפּיגלט זיך אויך אָפּ אפ די פארגעבונגען.

לאָמיר דאָ אילוסטרירן מיט א קאָנקרעטן בײַשפּיל: אין איינער פון די אויסגעפאָרשטע שולן האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אפ אזא רעשימע: אפ איין טאָג איז געווען אויסגעשטעלט:

1. נאטורוויסנשאפט.
2. געשיכטע.
3. מאטעמאטיק.
4. פיזיק.
5. געאָגראפיע.
6. שפּראך.

אפ א צווייטן טאָג לויט דער רעשימע פון דער זעלבער שול און גרופּע איז געווען אויסגעשטעלט פאָלגנדיקע געגנשטאנדן:

1. פיזקולטור.
2. וואַרשטאַט.
3. מאטעמאטיק.
4. שפּראך.
5. צייכענען.

בעהעסקעמ מיט דעמ האָבנ די קינדער געהאַט איינ טאָג אינ וואָכ 6 פארגעבונגענ אפ די שווערסטע לימודימ און דעמ 2־טנ טאָג — נאָר 2 פארגעבונגענ.

אזא ניט גלײַכמעסיקע פארטיילונג פונ געגנשטאַנדנ אינ דער רע־שימע איז אנ אָפטע דערשײַנונג אויכ אינ די איבעריקע שולנ.

צי רעגולירנ די שילער גופע די ארבעט אפ די פארגעבונגענ?

די מאטעריאַלנ פונ אונדזער אויספאָרשונג האָבנ באוויזנ, אז די מערהײַט שילער גרייטנ אַלע ארבעטנ, וואָס זײַנענ פארגעבנ געוואָרנ צו א באַשטימטנ טערמינ אינ איינ טאָג: אָדער אינ טאָג פונ פארגעבנ, אָדער אָפטער ערעוו דעמ טאָג פונ אָפגעבנ די ארבעט.

ווענ גרייטנ די שילער די פארגעבונגענ.

| | |
|---|---|
| גרייטנ אַלע פארגעבונגענ א טאָג פארנ אויסהערנ זיי . . . . . | 46% |
| גרייטנ אַלע פארגעבונגענ דעמ זעלבנ טאָג, וואָס מע האָט פארגעבנ | 32% |
| צעטיילנ די ארבעט פונ די פארגעבונגענ אפ פארשיידענע טעג . | 22% |

מיר זעענ, אז אויכ די שילער גופע רעגולירנ ניט די ארבעט אפ די פארגעבונגענ. אזא געוווינהײַט ווי רעגלמעסיק פאנאנדערטיילנ די ארבעט אפ עטלעכע טעג, קענ מענ געפינענ נאָר בא א קליינער צאָל קינדער.

אינ דער טאבעלע איז אָנגעוויזנ, אז נאָר 22 פראָצ. שילער צעטיילנ די ארבעט אפ עטלעכע טעג. בא א טייל פונ די שילער שטאַמט עס אָבער גיכער פונ דעמ, וואָס זיי האָבנ ניט קיינ לערנ־ביכער און מוזנ אייניקע ארבעטנ אָפלייגנ אפ אַנדערע טעג, ווענ זיי קענענ קריגנ די נייטיקע ביכער.

## די מײַלעס פונ א פארגעבונג־רעשימע

די מײַלעס פונ א פארגעבונג־רעשימע אילוסטרירט די פאָלגנדיקע טאבעלע.

### די צאָל פאַרגעבונגען אין 1 דעקאַדע פון צוויי שולן (מיט און אָן א פאַרגעבונג־רעשימע)

די צאָל פאַרגעבונגען אַם יעדן טאָג

| דאַטע | א שול אָן א פאַר־געב.־רעשימע | א שול מיט א פאַר־געב.־רעשימע |
|---|---|---|
| 24/1 | 4 | 3 |
| 25/1 | — | — |
| 26/1 | — | 2 |
| 27/1 | 3 | 3 |
| 28/1 | 2 | 3 |
| 29/1 | 4 | 3 |
| 30/1 | — | — |
| 31/1 | 3 | — |
| 1/2 | 1 | 3 |
| 2/2 | 2 | 2 |
| 3/2 | 2 | 3 |
| סאַכאַקל. . | 21 | 22 |

פון דער טאַבעלע איז צו זען, אז די אַלגעמיינע צאָל פאַר־געבונגען אין משך פון 1 דעקאַדע פאַלט אן ערך בשוים אין די שולן מיט און אָן א רעשימע.

דערפאַר אָבער איז די פאַנאַנדערטיילונג פון די פאַרגעבונגען אַף באַזונדערע טעג ווייַט ניט איינע און די זעלבע. אין דער צייַט, ווען אין דער שול מיט א פאַרגעבונג־רעשימע האָבן מיר אַף יעדן טאָג רע־גולער פאַרגעבונגען ניט מער ווי אַף 3—2 געגנשטאַנדן, איז אין דער שול אָן א רעשימע א מישמאַש: צוויי טעג (דעם 29, 24) האָבן מיר

אָנגעלאָדענע מיט פארגעבונגענ אפ פיר געגנשטאנדנ. אפנ 26/1 איז אינגאנצנ ניט געווענ קיינ פארגעבונגענ. אפ דעם 1/2 איז דאָ א פאר־געבונג גאָר אפ איינ געגנשטאנד.

כאראקטעריסטישע מאטעריאלנ גיט די פאָלגנדע טאבעלע.

### די צאָל פארגעבונגענ אפ פארשיידענע געגנשטאנדנ אינ מעשעכ פונ א דעקאדע אינ צוויי שולנ

(מיט אינ אָנ א פארגעבונג-רעשימע)

| נאָמענ פונ געגנשטאנד | אָפטקייט פונ די פארגעבונגענ אינ א שול מיט א פארגעב.-רעש. | | | אָפטקייט פונ די פארגעבונגענ אינ א שול אָנ א פארגעב.-רעש. | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 5-טער קל. | 6-טער קל. | 7-טער קל. | 5-טער קל. | 6-טער קל. | 7-טער קל. |
| 1. מאטעמאטיק . . . . | 4 | 3 | 3 | 5 | 4 | 5 |
| 2. ייִד. שפראכ אונ ליטעראטור. | 3 | 3 | 3 | 5 | 4 | 5 |
| 3. געזקענטעניש . . . . | 2 | 2 | 2 | 1 | 1 | — |
| 4. פיזיק . . . . . . | 3 | 2 | 2 | 4 | 3 | 4 |
| 5. נאטורוויסנשאפט . . . | 2 | 2 | 2 | 3 | 3 | 3 |
| 6. כעמיע . . . . . . | — | 2 | 2 | — | 2 | 3 |
| 7. רוס. שפראכ . . . . | 2 | 2 | 2 | 2 | 3 | 3 |
| 8. אוקר. שפראכ . . . . | 2 | 2 | 2 | 1 | — | 1 |
| 9. געאָגראפיע . . . . | 2 | 2 | 2 | — | — | — |
| 10. דייטש. . . . . . | 2 | 2 | 2 | — | — | — |
| 11. צייכענענ . . . . . | 1 | 1 | 1 | — | — | — |
| סאכאקל . . | 23 | 23 | 23 | 21 | 20 | 24 |

פון דער טאבעלע איז צו זען, אַז אין דער שול מיט א פארגעבונג־רעשימע פיגורירן פּראָפּאָרציאָנעל אין מעשעכ פון דעקאדע פאר־געבונגען אפ אלע געגנשטאנדן, וואָס זיינען אָנגעמערקט לויט דער פּראָ־גראם.

אין דער צייט, ווען אין דער שול אָן א פארגעבונג־רעשימע טרעפן מיר אזעלכע קאזוסן:

אין 7־טן קלאס איז אין מעשעכ פון א גאנצער דעקאדע ניט געווען קיין איינ פארגעבונג אפ געזקענטעניש, אין 6־טן קלאס אפ אוקראַיִנישער שפּראכ, אין 5־טן און 6־טן קלאס—אפ געאָגראפיע, אין אלע קלאסן — אפ דייטש און צייכענען. דערפאר אָבער באמערקט זיך אפ די איבעריקע געגנשטאנדן (מאטעמ., ייִד. שפּראכ, פיזיק) אן איבערגעלאָדנקייט פון פארגעבונגען.

## צייט־נאָרמעס פאר די פארגעבונגען

רעגולירן די פארגעבונגען הייסט נאָכ ניט אינגאנצן זיי ראציאָנאלי־זירן. ס'קען זיך טרעפן, אז א טאָג־פארגעבונג, וואָס אנטהאלט אין זיך ארבעט אפ פיר געגנשטאנדן זאָל פאָדערן אפ דעם צייט פיל ווינציקער, ווי א פארגעבונג מיט צוויי געגנשטאנדן.

כוץ פעסטשטעלן די צאָל געגנשטאנדן, וואָס דארפן אריין אין א טאָג־פארגעבונג, איז נאָכ נייטיק איינשטעלן צייט־נאָרמעס פאר דער פארגעבונג.

די צייט, וואָס די שילער דארפן אָפּגעבן דער זעלבשטענ־דיקער ארבעט אינדערהיים, איז דעקרעטירט געוואָרן דורכן פאָלקאָמ־בילד און פאָלקאָמגעזונט:

פאר דער צווייטער גרופּע איז איינגעשטעלט געוואָרן דער מאקסי־מום 25־30 מינוט, פאר דער 3־טער און 4־טער גרופע—1 שאָ, פאר דער 5־טער, 6־טער און 7־טער גרופּע—2—$1^1/_2$ שאָ.

די שול אָבער היט ניט איין די צייט־נאָרמעס. דאָס זעען מיר פון דער פאָלגנדער טאבעלע.

די צײַט, וואָס דער לערער האָט אָנגעמערקט אפ די פאַרגעבונגען, אונ די צײַט וואָס איז אוועק באַמ שילער.

| אפ ווענ פאַרגעבנ | די צאָל געגנשטע. אינ דער פאַר־ געבונג | וויפל צײַט האָבנ אָנגעמערקט די לערער | די דורכשניטלעכע צײַט, וואָס ס'איז אוועק בא די שילער |
|---|---|---|---|
| 24/1 | 4 | 3 שאָ | 2 שאָ |
| 27/1 | 3 | 1 שאָ 5 מ. | 45 מינ. |
| 28/1 | 2 | 1 שאָ 15 מ. | 45 מינ. |
| 29/1 | 4 | 2 שאָ 45 מ. | 1 שאָ 15 מ. |
| 30/1 | 2 | 1 שאָ 15 מ. | 50 מינ. |
| 31/1 | 1 | 1 שאָ | 40 מינ. |
| 2/2 | 2 | 2 שאָ 30 מ. | 1 שאָ 10 מ. |
| 3/2 | 2 | 1 שאָ 45 מ. | 1 שאָ 15 מ. |

מיר האָבנ דאָ טעג מיט אַרבעט אפ אַהײמ אפ 3 שאָ אונ אפ $2-{}^{3}/_{4}$ שאָ. דערפאַר זײַנענ פאַראַנ טעג מיט פאַרגעבונגענ ניט מער ווי אפ א שאָ.

אונדזער פאָרשונג האָט אָבער באַוויזנ, אַז די שילער גיבנ ניט אָפ אַזויפיל צײַט די פאַרגעבונגענ. בא זיי פאַרנעמט די אַרבעט פיל ווינציקער צײַט, ווי ס'מערקנ דאָרט אָנ די לערער. מער ווי צוויי שאָ אַר־בעטנ ניט די שילער אפ די שול־פאַרגעבונגענ. דערבײַ צוויי שאָ אַרבעט באַגעגנט זיכ זעלטענער. אָפטער אַרבעטנ די שילער א שאָ אונ ווינציקער.

מיט וואָס דערקלערט זיכ, וואָס בא די שילער גייט אַמערסטנ אוועק

אפ די פארגעבונגענ ווינציקער צײַט, ווי ס'מערקנ אפ דעמ אָנ די לערער? טײלווײַז דערקלערט זיכ עס דערמיט, וואָס די שילער ארבעטנ איבער די פארגעבונגענ זײער אויבערפלעכלעכ, דאָס באשטעטיקנ די מערהײַט לערער.

אויספאָרשנדיק די דאָזיקע פראָבלעמ, האָבנ מיר זיכ אָנגעשטויסנ אפ אנ אינטערעסאנטער דערשײַנונג:

דער אונטערשייד צווישנ דער צײַט, וואָס ס'גייט אוועק אפ די פאר־געבונגענ באַ די שילער און דער צײַט, וואָס איז אָנגעמערקט פונ די לערער, איז פיל גרעסער אינ די שולנ, ווו ס'פעלט אויס א פארגעבונג־רעשימע.

די צײַט וואָס ס'מערקט אָנ דער לערער אפ די פארגעבונגענ
און די דורכשניטלעכע צײַט, וואָס ס'גייט אפ זײ אוועק באַ די שילער.

(א שול אָנ א פארגעבונג-רעשימע)

| נאָמען פונ געגנשטאנד | די צײַט, וואָס ס'מערקט אָנ דער לערער | די דורכשניטלע־כע צײַט, וואָס ס'איז אוועק באַמ שילער | דיפערענצ | דער % פונ דער דיפערענצ צו דער אָנגעמערק־טער צײַט |
|---|---|---|---|---|
| 1. ייִד.ליטעראטור . | 30 מינוט | 18 מינוט | 12 | 40% |
| 2. ייִד. שפראכ . . | 15 „ | 12 „ | 3 | 20% |
| 3. מאטעמאטיק . . | 20 „ | 15 „ | 5 | 20% |
| 4. פיזיק . . . . | 1 שאָ | 26 „ | 34 | 57% |
| 5. געזעלשאַפטקענטעניש . . | 1 שאָ | 32 „ | 28 | 47% |
| 6. ייִדיש . . . . | 1 שאָ | 26 „ | 34 | 57% |
| 7. נאטורוויסנש . . | 1 שאָ | 39 „ | 21 | 35% |
| 8 מאטעמאטיק . . | 30 מ. | 18 „ | 12 | 40% |
| 9. פיזיק . . . . | 1 שאָ | 24 „ | 36 | 60% |
| 10. רוסיש . . . . | 1 שאָ | 37 „ | 23 | 38% |

מיר זעען, אז אינ שול, ווו ס'איז ניטאָ קיינ פארגעבונג־רעשימע פאלט ניט צונויפ אינ קיינ איינ געגנשטאנד די צײַט פונ שילער אונ לערער. פונ 10 פארגעבונגענ האָבנ מיר דאָ 6, ווו דער אונטערשייד אינ צײַט דערגרייכט ביז 60—40 פראָצ. אנדערש איז די לאגע אינ דער שול, ווו ס'איז יאָ דאָ א רעשימע.

### די צײַט, וואָס ס'מערקט אָנ דער לערער פאר די פארגעבונגענ אונ די דורכשניטלעכע צײַט, וואָס ס'גייט אוועק אפ זיי בא די שילער.

(א שול מיט א פארגעבונג-רעשימע)

| נאָמענ פונ געגנשטאנד | די צײַט, וואָס ס'מערקט אָנ דער לערער | די דורכשניט־צײַט, וואָס ס'איז אוועק בא די שילער | דיפערענצ | דער % פונ דער דיפערענצ צו דער אָנגעמערקטער צײַט פונ לערער |
|---|---|---|---|---|
| 1. אוקראאיניש . . | 1 שאָ | 35 מינוט | 25 | 42% |
| 2. ייִדיש . . . . | 1 שאָ | 50 " | 10 | 17% |
| 3. געשיכטע . . . | 30 מ. | 30 מ. | 0 | 0 |
| 4. דײַטש . . . . | 30 מ. | 30 מ, | 0 | 0 |
| 5. ייִדיש . . . . | 1 שאָ | 1 שאָ | 0 | 0 |
| 6. געאָגראפיע. . . | 30 מ. | 30 מ. | 0 | 0 |
| 7. דײַטש . . . . | 15 מ. | 32 מ. | —17 | 113% |
| 8. רוסיש . . . . | 1 שאָ | 1 שאָ | 0 | 0 |
| מאטעמאטיק . . | 30 מ. | 30 מ. | 0 | 0 |
| 10. פיזיק . . . . | 15 מ. | 48 מ. | —33 | 220% |

דאָ האָבנ מיר פונ צענ פאַרגעבונגענ זעקס, וווּ די צייַט פונ שילער פאַלט צונויפ מיט דער אָנגעמערקטער צייַט פונ לערער.

דער דאָזיקער פאקט דערקלערט זיכ טיילווייַז דערמיט, וואָס אינ דער שול מיט א רעשימע ארבעטנ די שילער סיסטעמאטיש אונ זיי לערנענ זיכ אויס ערנסטער אויספילנ די ארבעט, אויסנוצנדיק צוליב דעם נאָרמאלע צייַט־אָפּשניטנ.

דאָס אויספעלונג פונ א פארגעבונג־רעשימע איז אָבער ניט די איינציקע סיבע, וואָס עס ברענגט צו צייַט־אונטערשייד פונ לערער אונ שילער. די גרונט־סיבע איז דאָס, וואָס דער לערער האָט זיכ נאָכ ניט אויסגעלערנט פינקטלעכ שאצנ די צייַט פאר די פארגעבונגענ. פונ דער פאָריקער טאבעלע איז צו זענ, אז אינ צוויי פאלנ האָט דער לערער געגעבנ אפ די פארגעבונגענ אסאכ ווינציקער צייַט, ווי ס'איז פאקטיש אוועק בא די שילער. דאָס דערקלערט זיכ געוויס דערמיט, וואָס דער לערער פארקלערט זיכ ווייניק, וויפל געדויערט בא די שילער אויספילנ זייערע פארגעבונגענ. ווענ דער לערער וואָלט אָפּטער זיכ דערוווּסט, וויפל צייַט ס'גייט אוועק בא די שילער אפ פארשיידענע טיפנ פארגעבונגענ, וואָלט די דורכשניטלעכע צייַט געקאָנט דינענ אימ פאר א קריטערי פונ אָפּמעסטנ פארשיידענע טיפנ פארגעבונגענ.

## די פלאנירונג אונ אינסטרוקטירונג פונ די פארגעבונגענ

ס'איז נייטיק באצייכענענ די דערגרייכונגענ פונ דער שול אינ דער פראגע פונ פלאנירנ דעמ לימעד. אסאכ האָבנ מיטגעהאָלפנ אינ דעמ געביט די טאָגפלענער (פוטיאָווקעס), וועלכע האָבנ זיכ די לעצטע יאָרנ אייַנגעבירגערט אינ דער שול. די טאָגפלענער ווערנ אויסגעארבעט אפ יעדערע פינפ טעג אונ אנטהאלטנ אינ זיכ פאָלגנדיקע גראפיקעס: 1. טעמע, 2. דאטע, 3. קאָנקרעטער מאטעריאל פונ לימעד, 4. פאָרמ פונ ארבעט, 5. היימ־ארבעט, 6. באמערקונגענ.

אינ איינ שול האָבנ מיר געפונענ טאָגפלענער מיט א צוגאָב־גראפע, וועלכע מיר וואָלטנ רעקאָמענדירט פאר אלע שולנ. אינ א באזונדער גראפיק ווערט פאָרויס אָנגעמערקט, וועלכע שילער וועט דער לערער ארויסרופנ באמ אויסהערנ די היימפארגעבונגענ. דאָס איז זייער

א וויכטיקער מאָמענט אין דער פראגע פון דיסקאָנטירן די היים־ארבעט און באַזייַטיקט אסאך דעפעקטן אין דער פעד־ארבעט, וועגן וועלכע מיר וועלן ריידן שפּעטער.

מיר זעען, אז דער לערער מערקט אָן, מערכטנטיילס, פון פריער, וואָס פאר א היים־ארבעט פארגעבן די שילער. אָבער אין דער פאָרם פון פארגעבן די ארבעט באמערקט זיך אסאך דעפעקטן. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אף די סאמע פארשפרייטסטע, ציטירנדיק די פּראָטאָקאָלן, וואָס מיר האָבן געפירט אף די לימודים:

א) דער לערער רעכנט ניט אויס די צייַט, ווען פארגעבן די היים־ארבעט.

„נאָכן לימעד, פאקטיש נאָכן גלעקל האָט דער לערער אויסגעשריען: „אף אהיים איבערלייענען פון ביכל די זייַטלעך 66—69, קענען דאָס דערציילן, זיך גוט באקענען מיטן געמעל”. אָבער די מערהייַט שילער האָבן שוין ניט געהערט דעם לערערס אינסטרוקציע, אין קלאס איז געווען א טומל, קיינער האָט ניט פארשריבן, וואָס מע דארף איבערלייענען”...

אין געגעבענעם פאל האָט דער לערער געמוזט שוין נאָכן גלעקל אין אייַלעניש אינסטרוקטירן די פארגעבונג, ווייַל ער האָט ניט אויסגערעכנט די צייַט, ווען ער זאָל פארגעבן די היים־ארבעט. אין רעזולטאט איז די פארגעבונג אראָפּגעריסן געוואָרן.

אויסצוג נום. 2... „נאָכדעם ווי דער לערער האָט פארענדיקט פאָרלעזן די דערציילונג, האָט ער געמאָלדן, אז ער וועט פארגעבן פראגן און די שילער וועלן דארפן אינדערהיים אף זיי שריפטלעך ענטפערן. דער לערער האָט ניט באוויזן אָנשרייַבן די ערשטע פראגע, האָט זיך דערהערט א גלעקל. א האלבער קלאס שילער איז שוין פון יענער זייַט טיר. דער לערער פרווט זיי פארהאלטן אין קלאס, נאָר אומזיסט איז זייַן טירחע”...

ווידער האָט דער לערער ניט אויסגערעכנט די צייַט פאר אינסטרוקטירן די פארגעבונג. דער רעזולטאט איז דערוועלבער.

ב) דער לערער גיט ניט קיין קלאָרע אינסטרוקציע:

אויסצוג נום. 3... „אף אהיים אויסלערנען דאָס, וואָס מיר האָבן הייַנט געלערנט”...

צופיל לאַקאָניש אינסטרוקטירט, ניט אָנגעוויזנ דאָס וויכטיקסטע, וואָס מע דאַרפ אויסלערנענ, ס׳איז ניט קלאָר פונ וואַנענ אויסלערנענ.

אויסצוג נומ. 4... „אַפּ אַהיימ איבערכאַזערנ דעמ פריִערדיקנ מאַטעריאַל אונ א צוגאָב־פאַרגעבונג—איבערלייענענ פונ ביכל די זײַט־לעכ 22-28“.

ס׳איז קלאָר, אַז אויב דער לערער וועט אַזוי אינסטרוקטירנ די פאַרגעבונגענ, וועט אימ אויסקומענ דעמ קומענדיקנ מאָל ווידער פאַר־געבנ: „איבערכאַזערנ דעמ פריִערדיקנ מאַטעריאַל“, ווײַל פאַר די שי־לער איז ניט קלאָר געוואָרנ פונ אַזאַ אינסטרוקציע די ציל־אײַנשטעלונג פונ דער פאַרגעבונג, וואָס איז דאָס וויכטיקסטע, וואָס מע דאַרפ צו־גרייטנ, וויִאַזוי צוגרייטנ...

אַזעלכע ניט געלונגענע אינסטרוקציעס צו די פאַרגעבונגענ האָבנ מיר אָמערסטנ באַגעגנט בײַ ניט דערפאַרענע לערער, בײַ וועלכע ניט נאָר די פאַרגעבונג איז ניט געלונגענ אינסטרוקטירט, נאָר דער גאַנצער לימעד גייט דורכ אָפטמאָל אָנ דערפאָלג.

פיל געלונגענערע אינסטרוקציעס צו די היימפאַרגעבונגענ האָבנ מיר באַגעגנט בײַ דערפאַרענע לערער. אייניקע פונ זיי וועלנ מיר איליוסטרירנ:

אויסצוג נומ. 6... „אַנ ערעכ צומ סאָפ פונ לימעד האָט דער לערער אַפּאָר מאָל געקוקט אַפּנ זייגער. באַצײַטנס האָט ער געמאָלדנ: „אינדערהײמ וועט איר דורכלייענענ די זײַטלעכ 128—126, לייענט אופ־מערקזאַמ אונ טוט דאָס, וואָס דאָס ביכל הייסט. איר זאָלט מאַכנ נאָר די אופגאַבעס 6—1 פונ 42 פאַראַגראַפּ. די אופגאַבעס זײַנענ ענלעכ צו די, וואָס מיר האָבנ הײַנט מיט אײַכ געמאַכט אינ קלאַס“. די שילער האָבנ פאַרשריבנ אינ העפט די נומערנ פונ די אופגאַבעס אונ זײַטלעכ פונ ביכל. דויער פונ דער אינסטרוקציע צוזאַמענ מיטנ פאַרשרײַבנ די פאַר־געבונג—3 מינוט...“

ווי ס׳איז צו זענ, האָט דער לערער אויסגעטיילט צײַט פאַר דער אינסטרוקציע, ער האָט אינ א רויִקער אַטמאָספער אָנגעוויזנ, וואָס דאַרפנ די שילער צוגרייטנ, פונ וואַנענ צוגרייטנ. מיט דעמ, וואָס דער לערער האָט געמאָלדנ, אַז די אופגאַבעס זײַנענ ענלעכ צו די, וואָס מ׳האָט געמאַכט אינ קלאַס, האָט ער פאַקטיש אָנגעוויזנ דעמ מעטאָד פונ אַרבעט. קיינ סאַכ צײַט האָט די אינסטרוקציע ניט אָפּגענומענ.

אויסצוג נומ. 7... „נאָכ פארנ גלעקל האָט דער לערער געמאָלדנ: „אפ אהיימ איבערכאזערנ ווענג ווינקלענ, לייענט איבער די זײַטלעכ 14—18, ווענדט די אויפמערקזאמקײַט אפ דאָס וויכטיקסטע, וואָס מיר האָבנ דורכגעארבעט אינ קלאַס. לויט די אויפגאבעס 62—65 אפ דער 29 זײַט. כעוורע, הערט, וואָס איכ וויל פונ אײַכ. איכ וויל, איר זאָלט דעמ קומענדיקנ מאָל דערווײַזנ, אז איר קענט אָפּשאצנ פארשיידענע ווינקלענ". דויער פונ דער אינסטרוקציע 2,5 מינוט".

אויכ די אינסטרוקציע איז א קלאָרע, ס'איז אָנגעוויזנ געוואָרנ די ציל־אײַנשטעלונג פונ דער פארגעבונג (קענענ אָפּשאצנ פארשיידענע ווינקלענ), ס'איז אָנגעוויזנ געוואָרנ, אז מע זאָל לייענענ דאָס וויכטיקסטע און דאָס וויכטיקסטע איז דאָס, וואָס ס'וועט מיטהעלפנ דער ציל־אײַנשטעלונג פונ דער פארגעבונג. צײַט האָט אָפּגענומענ די אינסטרוקציע ווינציק.

## צי פארשרײַבנ די שילער, וואָס די לערער האָבנ פארגעבנ אפ אהיימ

ניט שטענדיק פארשרײַבנ די שילער די היימפארגעבונגענ. אינ בעסטנ פאל פארשרײַבט מענ אפ שטיקלעכ פאפיר, אפנ טאָוול פונ העפט אָדער אינ אלגעמיינעמ העפט. דאָס ברענגט צו דעמ, וואָס די שילער פארגעסנ אָפט, וואָס מ'האָט פארגעבנ אפ אהיימ אָדער פאר־געדענקענ שוואכ די אינסטרוקציע צו דער פארגעבונג, ביפראט נאָכ,ווענ די צײַט פונעמ פארגעבנ ביז דעמ אויסהערנ די פארגעבונג איז א גרויסע.

אונדזער אויספאָרשונג באווײַזט, אז אָפט דערגרייכנ די אינטער־וואלנ פונעמ פארגעבנ ביזנ אויסהערנ 7—6 טעג. אויב מיר וועלנ זיכ נאָכ דערמאָנענ, אז די אינסטרוקציע צו דער פארגעבונג ווערט צײַטנווײַז געגעבנ אינ גרויס אײַלעניש נאָכנ גלעקל, וועט קיינ כידעש ניט זײַנ, וואָס די שילער פארגעסנ אמאָל אינגאנצנ א פארגעבונג, אָדער פארגעדענקענ שוואכ די אינסטרוקציע צו איר.

בא אייניקע שילער האָבנ מיר באגעגנט ספּעציעלע העפטנ פאר היימפארגעבונגענ, וואָס זיי האָבנ אײַנגעפירט לויט דער אייגענער איניציאטיוו.

די פאָרם פון די פאַרגעבונג־העפטן איז געוויינלעך אזא:

| ראטע | געגנשטאנד | וואָס פאַרגעבן | אַפּ וועג |
|---|---|---|---|
| | | | |

אזוינע העפטן וואָלטן מיר געקענט רעקאָמענדירן אַלע שילער.

## וויאַזוי הערן אויס די לערער די פאַרגעבונגען

מערסטנטייל הערט אויס דער לערער די פאַרגעבונגען אזוי:

„זאָל זאָגן בערשטיינ", אָדער „ווער וועט דערמאָנען", „ווער ווייס זאָל אופהויבן די האנט", „בא וועמען איז אָנגעשריבן", דערביי רופט אויס דער לערער די שילער ניט לויטן זשורנאַל און פיקסירט זעלטן, ווער ס'האָט גוט אָדער שלעכט אויסגעפילט די פאַרגעבונג.

מיר וועלן ברענגען צו דעם עטלעכע איליוסטראַציעס:

אויסצוג נומ. 8... „דער לערער האָט די גאנצע צייט ארויסגערופן שילער ניט לויטן זשורנאַל. אז א שילער האָט ניט געקענט ענטפערן אף דער געשטעלטער פראגע, פלעגט דער לערער זיך גלייך ווענדן צום גאנצן קלאַס: „כעווריע, ווער ווייס"?

די שילער רעאגירן אף דעם די גאנצע צייט מיט הייבן די הענט און מיט אויסגעשרייען: „איך וועל זאָגן". דער לערער האָט אין ערגעץ ניט פיקסירט, ווער ס'האָט גוט אָדער שלעכט געענטפערט...

אזא פאָרם פון ארויסרופן די שילער באוואָרנט ניט, אז דער לערער זאָל גלייכמעסיק אין א באשטימטן צייט־אָפשניט ארויסרופן אַלע שילער פון דער גרופּע. ניט באמערקטערהייט פארן לערער קען זיך בא אים שאפן א געוווינהייט אָפטער ארויסרופן איינע און די זעלבע שילער און פארגעסן א לענגערע צייט ארויסרופן אנדערע שילער.

אדאנק דעם, וואָס ס'ווערט ניט פיקסירט, וועלכע שילער האָבן גוט אָדער שלעכט געענטפערט באַם ארויסרופן זיי, באקומט דער לערער

נאָר אנ אַלגעמיינעם אײַנדרוק, צי האָט די גרופּע אינגאנצנ גענומענ דורכגעארבעט די פארגעבונג. איינצלנע שילער, וואָס גרייטנ ניט די היימ־ארבעט פאלנ אָפט ארויס פונ לערערס אויג. דאָס איז אינ א גע־וויסער מאָס די סיבע, וואָס אינ אסאכ שולנ ווערט פעסטגעשטעלט ווענ שוואכע דערפאָלג פונ אייניקע שילער נאָר צום סאָפ טרימעסטער, ווענ מע פירט שוינ דורכ אינדיווידועלע קאָנטראָל־ארבעטנ. מע דארפ ניט פארגעסנ, אז לויט דעם, ווי דער שילער גרייט די פארגעבונגענ אונ ענטפערט אינ קלאס בײַם ארויסרופנ, קאָנ דער לערער באצײַטנס אָנעמענ פּראָפילאקטישע מיטלענ, קעדיי ראַטעווענ אסאכ פונ זיי פונ בלײַבנ אפּנ צווייטנ יאָר אינ דעמזעלבנ קלאס.

די פראגע ווענ אָרגאניזירנ דעם דיסקאָנט פונ די היימפארגעבונ־גענ אינטערעסירט שטארק די שול. ס'ווערנ אָנגענומענ פארשיידענע מיטלענ, קעדיי טאָג־טעגלעכ דורכקאָנטראָלירנ, ווער ס'פילט אויס די היימ־ארבעטנ. איינער פונ די מיטלענ איז קאָנטראָל מיט דער הילפ פונ אקאדעמסעקטאָר אָדער מיט דער הילפ פונ דער בריגאדע פונ סאָצ־פארמעסטונג.

דער אקאדעמסעקטאָר אָדער די בריגאדע פונ סאָצפארמעסט רע־גיסטרירט, וועלכע שילער האָבנ ניט צוגעגרייט די פארגעבונג. אָפּשאצנ די אויסגעפילטע ארבעט גייט ניט ארײַנ, פארשטייט זיכ, אינ איר קאָמ־פעטענצ. צי רעגיסטרירט אָבער דער אקאדעמסעקטאָר, ווער ס'האָט אויסגעפילט די פארגעבונג?

אויסצוג נומ. 10... „דער לערער רופט ארויס פיר שילער. אלע פיר האָבנ ניט צוגעגרייט די פארגעבונג. דער לערער הייסט א שילער פונ אקאדעמסעקטאָר פארשרײַבנ די פאמיליעס פונ די, וואָס האָבנ ניט אויסגעפילט די היימ־ארבעט. אָבער דער שילער האָט אפילע ניט גע־טראכט פארשרײַבנ, דער לערער גופא האָט אויכ ניט פארשריבנ...”

אינ פאל, ווענ דער אקאדעמסעקטאָר וואָלט אפילע סיסטעמאטיש רעגיסטרירט די שילער, וואָס גרייטנ ניט די פארגעבונגענ, וואָלט עס נאָכ ניט געלייזט די פראגע פונ דיסקאָנט אינ פולנ פארנעם, ביפראט נאָכ בײַ אזא רעגיסטרירונג, ווי מיר האָבנ דעמאָנסטרירט מיטנ אויס־צוג נומ. 10.

אינ איינ שול האָבנ מיר באגעגנט אזא פאָרמ פונ דיסקאָנט:

דער לערער פונ מאטעמאטיק קוקט דורכ בא עטלעכע בעסטע שילער זייערע היימ־ארבעטנ, פאריכט די טאָעסנ, אונ דערנאָכ שוינ קאָנטראָלירנ די דאָזיקע שילער די ארבעט פונ אלע איבעריקע שילער.

אזא דיסקאָנט איז אָבער ניט מעגלעכ אפ אלע געגנשטאנדנ אונ בא אלע פאָרמעס פונ פארגעבונגענ. דאָכ בא א געהעריקער אָרגאניזאציע קענ די פאָרמ פונ דיסקאָנט טיילווייז אויסגענוצט ווערנ.

מיר האָבנ אויכ באגעגנט אזא פאָרמ פונ דיסקאָנט, ווענ דער לערער גופע רעגיסטרירט, ווער ס'האָט ניט צוגעגרייט די היימ־ארבעט. געטאָנ האָט ער דאָס אזוי:

אויסצוג נומ. 11... „נאָכדעמ, ווי דער לערער האָט ארויסגערופנ עטלעכע שילער, האָט ער זיכ געווענדט צומ קלאס: „איצטער, כעווערע, זאָלנ הייבנ די הענט די, וואָס ס'האָבנ ניט געמאכט די פארגעבונג, (איינ שילער האָט אופגעהויבנ די האנט). לייגט אוועק די העפטנ אפ די פארטעס, איכ וועל דורכקוקנ". די שילער האָבנ אוועקגעלייגט די העפטנ אפ די פארטעס. דער לערער איז דורכגעגאנגענ אפ גיכ צווישנ די פארטעס אונ ארייַנגעקוקט צו יעדערנ אינ העפט, צי איז בא אימ ווירקלעכ אָנגעשריבנ די פארגעבענע ארבעט. דויער פונ אויסהערנ די שילער אונ איבערקוקנ די העפטנ—10 מינוט".

ווי ס'איז צו זענ, האָט דער לערער באוויזנ אויספרעגנ אייניקע שילער, אויכ זיכ דערוויסנ, צי האָט דער גאנצער קלאס געארבעט אפ דער פארגעבונג.

איינער פונ די סאמע אָנעמבארע מעטאָדנ פונ קאָנטראָלירנ די היימ־ארבעטנ איז, ווענ דער לערער נעמט צו אפ אהיימ דעמ שילערס העפטנ, קעדיי זיי דורכקאָנטראָלירנ. דער מעטאָד ווערט אָנגעווענדעט אמערסטנ דורכ די לערער פונ שפראכ. נאָכנ איבערקוקנ די העפטנ ווערנ זיי אומגעקערט די שילער. אינ קלאס אילויסטרירט דער לערער בעסערע אונ ערגערע ארבעטנ, כאראקטעריסטישע טאָעסנ א.א.וו.

דעמ מעטאָד פונ קאָנטראָל דארפ מענ רעכענענ פארנ סאמע בעסטנ, אָבער ער ווערט אויסגענוצט זייער זעלטנ, ווייַל ער פאָדערט אסאכ צייַט פונ לערער.

## וויאַזוי דיסקאַנטירט דער לערער די שריפטלעכע פאַרגעבונגען

די מערהייט שול-פאַרגעבונגען זיינען פאַרבונדן מיט שריפטלעכע אַרבעטן. דער דיסקאַנט פון שריפטלעכע אַרבעטן קומט פאָר אַזוי:

א) דער לערער קוקט דורך יעדנס שילערס אַרבעט באַזונדער;

ב) דער לערער רופט אַרויס איינציקע שילער (שטאַרקע, שוואַכע), וועלכע לייענען אינדיווידועל פאַרן קלאַס זייערע אַרבעטן.

באַם ערשטן מעטאָד פון דיסקאַנט האָט דער לערער אַ מעגלעכקייט זיך באַקענען סיי מיטן אינהאַלט, סיי מיט דער פאָרם פון דער אַרבעט (געבויל, סינטאַקסישע, גראַמאַטישע טאָעסן). אָבער דער מעטאָד, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, ווערט זעלטענער אויסגענוצט. ס'איז נייטיק אָנווייזן, אַז פיל לערער, אויסער די שפּראַך-לערער, באַם באַנוצן זיך מיטן ערשטן מעטאָד פון קאָנטראָלירן די שריפטלעכע אַרבעטן, לייגן זייער אויפמערקזאַמקייט אַמערסטן אַפן אינהאַלט פון דער אַרבעט. פאַריכטן גראַמאַטישע און סינטאַקסישע טאָעסן האַלטן זיי ניט פאַר זייער בויוו. אין רעזולטאַט באַקומט זיך, אַז די שילער שרייבן איבער אָפ ריינ די אַרבעטן אין זייערע העפטן מיט גראַמאַטישע גרייזן. נאָך מער איז דאָס מעגלעך באַם צווייטן מעטאָד פון קאָנטראָל, בייס דער לערער הערט נאָר די אַרבעטן, אָבער ער קוקט זיי ניט איבער.

מיר האָבן אָפּגעקליבן פיל שילערישע העפטן, אויסגעפּוצטע מיט לאָזונגען, און בילדער, אָבער פול מיט טאָעסן. ס'באַקומט זיך אַ מין פאָרם פון קולטיווירן אַמעראַצעס. בעסער וואָלטן די לערער פאַרגעבן ווייניקער שריפטלעכע אַרבעטן, אָדער אַרבעטן פון קלענערן פאַרנעם, אָבער יעדער אַרבעט פון יעדן שילער מוז אָבליגאַטאָריש אַלזייטיק דורכקאָנטראָלירט ווערן. דאָס דאַרפן טאָן אַלע לערער און ניט נאָר דער „שפּראַכיסט".

## די פאַרבינדונג פון דער אויסגעהערטער פאַרגעבונג מיט דער לעקציע פון לערער

ניט שטענדיק הערט אויס דער לערער די פאַרגעבונג אויסשליסלעך צוליב דיסקאַנט. אַמערסטן פאַרבינדט דער לערער די אויסגעהערטע פאַרגעבונג אָדער מיט דער פאָריקער לעקציע אָדער מיט דער קומענדיקער.

מיר האָבן פעסטגעשטעלט פאָלגנדיקע טיפּן פאַרבינדונגען:

א) דאָס אויסהערן די פאַרגעבונג דינט צוליב אָפּפרישן אין זיקאָרן פון די שילער דעם מאַטעריאַל פון דער פאָריקער לעקציע, קעדיי פאַרזעצן ווײַטער די אָנגעהויבענע טעמע (זע אויסצוג נומ. 12).

אויסצוג נומ. 12... „אין דער פאָריקער לעקציע האָט דער לערער דערקלערט דעם פּאַרדיי־אַפּאַראַט פון פויגל. די פאַרגעבונג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די שילער האָבן באַאַרבעט איבערכאַזערן פון די העפטן דעם בוי פון שפּײַז־טראַקט. דעם דיסקאָנט פון דער פאַרגעבונג האָט דער לערער אָנגעהויבן אַזוי: „דימערעץ וועט אונדז דער־מאָנען, וואָס האָבן מיר געלערנט דאָס פאָריקע מאָל וועגן פאַרדיי־אַפּאַראַט פון פויגל". נאָכדעם ווי דער לערער האָט אַרויסגערופן נאָך צוויי שילער, האָט ער אינקורצן נאָכאַמאָל פאָרמולירט דעם אינהאַלט פון דער פאָריקער לעקציע און געמאָלדן: „איצטער וועלן מיר לערנען ווײַטער וועגן פויגל" (דויער פון דיסקאָנט 5 מינוט).

ב) דאָס אויסהערן די פאַרגעבונג דינט אַלס א מיטל קעדיי איבער־צוכאַזערן און פאַרפעסטיקן דעם מאַטעריאַל פון דער פאָריקער לעקציע (זע אויסצוג נומ. 13).

אויסצוג נומ. 13... „דאָס פאָריקע מאָל האָט דער לערער גע־לערנט וועגן וואָלטאַ־בויגן. די פאַרגעבונג איז באַשטאַנען אין איבער־כאַזערן דעם געלערנטן מאַטעריאַל. דעם דיסקאָנט הייבט אָן דער לע־רער אַזוי: „זאָג, ראַפּונאָוו, ווו נוצט מען אויס וואָלטאַ־בויגן", נאָכן שילערס ענטפער, פאַרפינקטלעכט דער לערער דעם ענטפער און פרעגט א צווייטן, א דריטן א.א.וו. (דויער פון דיסקאָנט—28 מינוט). די ווײַ־טערדיקע פאַרגעבונג איז ווידער וועגן וואָלטאַ־בויגן און א גאַנצע ריי אַנדערע פראַגן, וואָס האָבן צו דעם א שײַכעס".

דער דויער פון דיסקאָנט און די פאָרם פון אויסהערן באַווײַזט, אַז דער לערער האָט אין זינען געהאַט מיטן דיסקאָנט ניט נאָר אָפּ־פרישן, נאָר אויך פאַרפעסטיקן דעם מאַטעריאַל פון דעם פאָריקן לימעד. גיכער איז דאָס געווען א לימעד לויטן מעטאָד פון פראַגעס און ענטפערס.

בא דער פאָרם פון דיסקאָנט פונקט אַזויווי בא דער פאָריקער פאָרם, פאַרנעמט ניט דער מאָמענט פון אָפּשאַצן די צוגעגרייטע אַרבעט

דאָס צענטראַלע אָרט. דער לערער האָט נאָך אַפּאָנעם פּאָרויס געוווסט אַז בײַ די שילער איז נאָך ניט פאַרפעסטיקט דער געלערנטער מאַטעריאַל. און ער האָט אויסגענוצט די קאָנטראָל־אַרבעט קעדיי אים פאַרפעסטיקן.

## די באַדינגונגען, אין וועלכע די שילער פילן אויס די שול־פאַרגעבונגען

אונדזער אויספאָרשונג האָט אויך אין זינען געהאַט פעסטשטעלן די באַדינגונגען, אין וועלכע די שילער פילן אויס די היימפאַרגעבונגען, אַרויסגעפונען די שטערונגען אין דער אַרבעט, קעדיי אָנמערקן אַ ריי מאָסמיטלען צו באַזײַטיקן זיי.

### ווו איז באַקוועמער גרייטן די פאַרגעבונגען?

אַף דער פראַגע, ווו איז באַקוועמער אויספילן די זעלבשטענדיקע אַרבעט: אינדערהיים, צי אין קלאַס? ענטפערן 80% פון די שילער, אַז ס'איז בעסער אַרבעטן אינדערהיים, און 20% ענטפערן, אַז ס'איז בעסער אַרבעטן אין קלאַס.

די מאָטיוון פאַר אַרבעטן אינדערהיים זײַנען אַזעלכע:

„אינדערהיים איז רויִק, קיינער שטערט ניט".
„אין קלאַס איז טומלדיק, און מע לאָזט ניט אַרויסזאָגן מײַן מיינונג".
„אינדערהיים מאַך איך אַליין די אַרבעט, טראַכט אַליין און קאָן אַרויסזאָגן מײַנע אייגענע מיינונגען".

„אינדערהיים קען מען זיך בעסער קאָנצענטרירן אַף דער אַרבעט".
„אינדערהיים קען מען בעסער באַקלערן די אַרבעט און זעלבשטענדיק זי אויספילן".

„אינדערהיים האָט מען גענוג צײַט און מע דאַרף זיך ניט אײַלן".
„אינדערהיים קען מען אויסנוצן מערער ליטעראַטור צו דער פאַרגעבונג".
„אין קלאַס דאַרף מען זיך בעסער דערוויסן נײַס, אָנשטאָט מאַכן פאַרגעבונגען".

„אינדערהיים שרײַבט מען אָן אַ בעסערע אַרבעט".
„אינדערהיים אַרבעט מען מיט אַ פרײַען קאָפּ און ס'גיט מער נוצ" א. א. וו.

די קינדער, וואָס האָבן בעסער ליב ארבעטן אין קלאס גיבן אָן אזוינע מאָטיוון:

„איך האָב ליב בעסער ארבעטן אין קלאס, ווייל טאָמער פארשטיי איך ניט, דערקלערט מיר דער לערער".

„אין קלאס קוקט מען דורך איבייגעם מיטן לערער צי ס'איז ריכטיק די ארבעט".

„אין קלאס קען מען וויזן די ארבעט דעם לערער און אויב ס'איז ניט גוט, קאָן מען זי אפן אָרט אויסבעסערן".

„אין קלאס העלפן מיר די כאווייריִם ארבעטן".

„אין קלאס קוקט מען איבער די ארבעט אפן אָרט און דער לערער ווייס, וויִאזוי קען איך ארבעטן".

„אין קלאס לאָזט ניט דער לערער איבערשרייבן באַם כאווער די ארבעט".

„אין קלאס איז שטילער ווי אינדערהיים".

אין די 20% גייען אריין שילער, וואָס נייטיקן זיך אין סיסטעמאַטישער הילף פון לערער. דאָס זיינען שילער, וואָס קענען ניט זעלבשטענדיק ארבעטן, קענען ניט אָפּשאצן די אייגענע ארבעט און גלויבן ניט אין די אייגענע קויכעס. בא דער ערשטער שוועריקייט זוכן זיי הילף פון דער זייט. אהער גייען אויך אריין אזעלכע שילער, וואָס האָבן ניט אינדערהיים קיין גינסטיקע באדינגונגען פאר דער ארבעט און אין שול איז פאר זיי שטילער און רויִקער צו ארבעטן ווי אינדערהיים. ווי ס'איז צו זען נייטיקט זיך א גאנץ גרויסע צאָל שילער מ'זאָל זייער ארבעט אפ פארגעבונגענע אָרגאניזירן אין די ווענט פון דער שול.

ס'איז נייטיק אונטערשטרייכן א וויכטיקן מאָטיוו, וואָס ס'רוקן ארויס די שילער, וועלכע שטימען פאר ארבעט אין קלאס: „אין קלאס קוקט מען דורך די ארבעט אפן אָרט", אדאנק דעם, ווייס דער שילער וויִאזוי ער האָט אויסגעפילט די ארבעט, וועלכע טאָעסן האָט ער געמאכט, קעדיי זיי גלייך פאריכטן. דער מאָטיוו איז פארבונדן מיט דעם, וואָס פיל היים־ארבעטן קוקן ניט דורך די לערער, און דער שילער קריגט ניט קיין אָפּשאצונג און דערמיט קיין באפרידיקונג פון זיין זעלבשטענדיקער ארבעט.

קעדיי ווי געהעריק אויספילן די פארגעבונגענע פון דער שול, איז נייטיק, אז פאר די שילער זאָלן געשאפן ווערן די נייטיקע דערצו בא

באדינגונגענ סייַ אינדערהיימ, סייַ אינ שול. אנ אָרגאניזירט ארבעט־אָרט האָט א גרויסע באדייַטונג פאר יעדער ארבעט ביכלאל אונ פארנ שי־לערס ארבעט ביפראט.

וויאזוי־זשע איז אָרגאניזירט דעמ שילערס ארבעט־אָרט אינדערהיימ? אנ ענטפער אפ דער פראגע גיט אונדז די פאָלגנדיקע טאבעלע:

| נומ. | ווו גרייטנ די קינדער זייערע פארגעבונגענ אינדערהיימ? | דער % שילער |
|---|---|---|
| 1 | ווו ס'מאכט זיכ (ניט קיינ באשטימט אָרט) . . . . . | 50 |
| 2 | אינ אלגעמיינעמ צימער אפנ אלגעמיינעמ טיש . . . . | 17 |
| 3 | אינ אלגעמיינעמ צימער אפ א באזונדער טיש . . . . | 23 |
| 4 | אינ א באזונדער צימער אפ א באזונדער טיש . . . . | 10 |

פונ דער טאבעלע איז צו זענ, אז די מערהייַט שילער—67% האָבנ ניט קיינ באשטימט אָרט פאר ארבעט אינדערהיימ.

„וואָס שטערט דיר אמערסטנ אינ דייַנ ארבעט אינדערהיימ”? אפ דער פראגע ענטפערנ 72% שילער, אז ס'שטערט זיי דאָס, וואָס זיי האָבנ ניט קיינ אָרגאניזירט ארבעט־אָרט (זע פאָלגנדיקע טאבעלע).

| נומ. | די וויכטיקסטע סוויווע־קאָמפּאנענטנ, וואָס שטערנ דער היימ-ארבעט. | דער % שילער |
|---|---|---|
| 1 | ס'פעלט אנ אָרגאניזירט ארבעט־אָרט (צימער, טיש, שאַנ, ס'שטערנ די ארומיקע קליינע קינדער) . . . . . | 70 |
| 2 | פארנומענ מיט היימ־ארבעט, פארדינסט . . . . . | 10 |
| 3 | ס'פעלנ אויס ביכער, העפטנ, מאכשירימ . . . . . | 20 |

דאָס מאטנ-אויספעלנ פונ אנ ארבעט־אָרט דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס אייניקע שילער האָבנ ניט קיינ באקוועמע דערצו דירע־באדינגונגענ. אונ דאָס וויכטיקסטע, וואָס פיל עלטערנ לייגנ ווינציק אופמערקזאמקייט אפנ שילערס ארבעט אינדערהיימ.

קעדיי געבנ א מעגלעכקייט גרייטנ די פארגעבונגענ, האָבנ אייניקע שולנ איינגעאָרדנט בא זיכ שטילע צימערנ, ווו די שילער קומענ גרייטנ די היימ־ארבעטנ. דאָס וואָלט בעפיירעש געווענ א דערגרייכונג, אָבער די פראקטיק האָט באוויזנ, אז די שטילע צימערנ זיינענ ווייט ניט קיינ שטילע, אונ די שילער קלייבנ זיכ צונויפ גיכער צוליב פארברענגענ די צייט, ווי צו ארבעטנ.

די פראגע וועגנ בעסערער אָרגאניזאציע פונ די שטילע צימערנ איז אנ אקטועלע. צומ ערשטנ איז נייטיק די האשגאָכע פונ לערער אינ דעמ צימער. דער לערער, אויסער דעמ, וואָס ער וואָלט אכטונג געגעבנ אפ דער אָרדענונג, וואָלט ער נאָכ געקאָנט דורכ קאָנסולטאציעס העלפנ די אָפגעשטאנענע שילער גרייטנ די פארגעבונגענ. צווייטנס, איז נייטיק, אז אינ שטילנ צימער זאָל גוט איינגעאָרדנט ווערנ דאָס ארבעט־אָרט פונ שילער. צוליב דעמ איז נייטיק צוגעפאסטע מעבל, גוט איינגעאָרדנטע שיינ אונ אלע נייטיקע מאכשירימ פאר דער ארבעט.

א רויִקע סוויזווע, א גוט־איינגעאָרדנט ארבעט־אָרט וועט שאפנ באמ שילער א סטימול צו ערנסטער ארבעט, וועלכע וועט איבערגיינ בא אימ אינ א געוווינהייט.

א סיסטעמאטישע ארבעט דארפ געפירט ווערנ צווישנ די עלטערנ פונ די שילער, וועלכע האָבנ מעגלעכקייטנ ארבעטנ אינדערהיימ, אָבער בא וועלכע דאָס ארבעט־אָרט איז ניט אָרגאניזירט.

אינ דער שול־פראקטיק איז א זעלטנהייט, אז אפ א פארזאמלונג פונ עלטערנ זאָל געפירט ווערנ א שמועס וויאזוי איינצואָרדענענ די ארבעט־באדינגונגענ פארנ שילער, וועגנ דער באדייטונג פונ אנ אָרגאניזירט ארבעט־אָרט פארנ געזונט, דערפאָלג אונ דערציִונג פונ שילער.

## וויִאזוי ארבעטנ די שילער אינדערהײמ, אלײנ צי מיט כאווײרימ

דאָס אויספעלנ בא אײניקע שילער אנ אָרט פאר רויִקער ארבעט, דאָס גלײַכנ, דאָס אויספעלנ פונ לערנביכער, צווינגט פיל שילער ארבעטנ אפ די הײמפארגעבונגענ בא די כאווײרימ, ווי ס'ווײַזט די פאָלגנדע טאבעלע:

| דער % שילער | ווי גרײטנ די שילער די פארגעבונגענ |
|---|---|
| 40 | אײנער אלײנ . . . . . . . . |
| 30 | מיט כאווײרימ . . . . . . . . |
| 30 | ווי אמאָל, אָפּהענגיק פונ די לערנביכער |

די טאבעלע ווײַזט, אז 30 פּראָצענט שילער גרײטנ שטענדיק די פארגעבונגענ בא כאווײרימ אונ 30 פּראָצענט גרײטנ אמאָל אלײנ, אמאָל מיט כאווײרימ, חענ זײ פעלט אויס די נײטיקע ביכער.

אײניקע שילער ווײַזנ אָנ, אז זײ ארבעטנ מיט כאווײרימ, ווײַל ס'טרעפט, אז דער לערער פארגיט אויספילנ די ארבעט אינ א בריגאדע, אָבער ווי ס'ווײַזנ אָנ די לערער איז דאָס פאראיאָרנ שוינ געווענ א זעלטענע דערשײַנונג.

ווי איז אָבער באקוועמער פארנ שילער אויספילנ די פארגעבונגענ, אלײנ צי מיט כאווײרימ?

אפ דעמ גיבנ די שילער פאָלגנדיקע ענטפערס:

| דער % שילער | ווי איז באקוועמער ארבעטנ |
|---|---|
| 67 | אלײנ. . . . . . . . . |
| 25 | מיט כאווײרימ . . . . . . |
| 8 | ווי אמאָל. . . . . . . . |

ווײַזט זיכ ארויס, אז פאר דער איבערוועגנדיקער מערהײַט שילער איז באקוועמער ארבעטנ אליינ. די מאָטיוונ פאר ארבעטנ אליינ זײַנענ אזעלכע:

„ערנסטער ארבעטנ איז אליינ״;

„ביים איכ ארבעט אליינ, גרייט איכ בעסער די ארבעט״;

„מיט כאוויירימ שפּילט מענ זיכ מער, ווי מע ארבעט״.

א גאנצ באדײַטנדיקע צאָל שילער—25 פּראָצענט—האַלטנ אָבער, אז באקוועמער איז אויספילנ די ארבעט צוזאמענ מיט כאוויירימ. עמעס, זיי שטעלנ דערבײַ ארויס פאָלגנדיקע באדינגונגענ:

„באקוועמער איז ארבעטנ מיט כאוויירימ, אָבער מיט א קליינער צאָל״.

אינ די 25 פּראָצענט גייענ ארײַנ דיזעלבע שילער, וואָס האָבנ זיכ ארויסגעזאָגט פאר אויספילנ זעלבשטענדיקע ארבעט אינ קלאס, ווײַל זיי איז שווער זעלבשטענדיק ארבעטנ.

## ווענ גרייטנ די שילער די פארגעבונגענ

קעדיי די שילער זאָלנ ווי געהעריק אויספילנ די פארגעבונגענ, איז נייטיק, זיי זאָלנ ארבעטנ איבער זיי נאָכדעמ, ווי זיי האָבנ אָפּגערוט פונ דער שול־ארבעט.

די פּאסיקע צײַט פאר ארבעט אפּ די פארגעבונגענ, דארפ מענ רעכענענ, איז א פּאָר שאָ נאָכנ ווארמעס, ווענ די שילער האָבנ באַוויזנ זיכ אָפּרוענ. אינ דער צײַט האָבנ טאקע די שילער בעסער ליב צו ארבעטנ:

| די צײַט, ווענ די שילער האָבנ בעסער ליב גרייטנ די שול־פארגעבונגענ | דער % שילער | | |
|---|---|---|---|
| | 5־טער קלאס | 6־טער קלאס | 7־טער קלאס |
| באטאָג נאָכנ ווארמעס . . . . . | 91 | 63 | 62 |
| אפּדערנאַכט . . . . . . | 9 | 37 | 38 |

די טאבעלע ווײַזט, אז די מערהײַט שילער פון אלע קלאסן פון עלטערן קאָנצענטער האָבן בעסער ליב גרייטן די פארגעבונגען באטאָג נאָכן ווארמעס.

פאקטיש אָבער ארבעט א גרויסע צאָל שילער אף די פארגעבונגען אפדערנאכט:

| די צײַט, ווען די שילער גרייטן די פארגעבונגען | דער % שילער | | |
|---|---|---|---|
| | 5־טער קלאס | 6־טער קלאס | 7־טער קלאס |
| באטאָג נאָכן ווארמעס . . . | 80 | 50 | 40 |
| אפדערנאכט . . . . . . . | 20 | 50 | 60 |

פון דער טאבעלע איז צו זען, אז 60—50 פראָצענט שילער פון דעם 6־טן און 7־טן קלאס ארבעטן אפדערנאכט.

אזא דערשײַנונג דערקלערט זיך אמערסטן דערמיט, וואָס בא די שילער זײַנען ניט רעגולירט און נאָרמירט די פארשיידענע אָנלאָדונגען אין די שילער־און פּיאָנער־אָרגאניזאציעס. דאָס אויספּילן די שול־פארגעבונגען לייגט מען אָפּ אף נאָך אלע ארבעטן.

אומגעריכט האָט זיך ארויסגעוויזן, אז 72 פראָצענט שילער ארבעטן סיסטעמאטיש אף די פארגעבונגען אין די ארויסגאנג־טעג.

דערבײַ גיבן זיי נאָך צו:

„אין די ארויסגאנג־טעג, ארבעט איך אסאך מער".

„די גרויסע פארגעבונגען מאך איך אין די ארויסגאנג־טעג".

„אין די ארויסגאנג־טעג ארבעט איך ווי קעסיידער".

„איך ארבעט אין די ארויסגאנג־טעג, ווײַל אויך אף דעם טאָג פארגיבן אייניקע לערער היים־ארבעט".

ווי ס'איז צו זען, ארבעטן די שילער אין די ארויסגאנג־טעג, ווײַל אף דעם טאָג פארגיבן אייניקע לערער ארבעט, אָדער די שילער גופא לייגן אָפּ פיל ארבעטן אפן פרײַען טאָג.

מיט דער דערשײַנונג מוז די שול אפנ שארפסטנ אויפנ קעמפנ. ס'איז נייטיק פּאָשעט דערמאָנענ דעמ דירעקטער פונ שול, אז אר־בעטנ אינ די ארויסגאנג־טעג איז פארבאָטנ דורכ א ספּעציעלער בא־שטימונג פונ פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגעזונט, אונ דעריבער מוז ער אפ אנ אדמיניסטראטיװנ אויפנ פארווערנ די לערער פארגעבנ היימ־ארבעט אפ די טעג.

צווישנ די שילער אונ עלטערנ איז נייטיק פירנ אנ אופקלערע־רישע ארבעט, קעדיי דערווײַזנ זיי די שעדלעכקײַט פונ ארבעטנ אינ די ארויסגאנג־טעג אונ די נייטיקײַט פונ פולנ אָפּרו אינ דעמ טאָג.

## ווער העלפט די שילער גרייטנ די פארגעבונגענ

די שילער ווײַזנ אָנ, אז מערסטנטייל העלפט זיי קיינער ניט אויס־פילנ די שול־פארגעבונגענ.

נאָר א קליינע צאָל שילער (בא $15-20_0/^0$) ווײַזנ אָנ, אז זייערע עלטערנ אָדער ברידער, אָדער כאווײרימ העלפנ זיי באמ אויספילנ די היימ־ארבעט. פאקטיש איז אָבער ניט אזוי: דער פּראָצענט פונ כאווער־רישער מיטהילפ איז א גאנצ באדײַטנדיקער, ער איז נאָענט צו דעמ פּראָצענט שילער, וואָס גרייטנ די לימודימ צוזאמענ מיט כאווײרימ. כאווערשע מיטהילפ באמ גרייטנ די פארגעבונגענ איז איינע פונ די וויכטיקסטע סטימולנ, וואָס צווינגט פיל שילער ארבעטנ אפ פארגעבונ־גענ געמיינזאמ.

ווײַל די כאווערשע מיטהילפ איז אָפט א קעגנזײַטיקע, ווערט זי דעריבער ניט אונטערגעשטראָכנ פונ ביידע צדאָדימ.

די שילער, וואָס ווײַזנ אָפּנ אָנ אפ כאווערישער הילפ, זײַנענ די, צו וועלכע דער לערער האָט צוגעפּעסטיקט א שטארקערנ כאווער, קעדיי אונטערצישענ אימ אונ מיטהעלפנ אימ באמ אויספילנ די פארגע־בונגענ. אינ אזעלכע פאלנ איז ניטאָ קיינ שומ קעגנזײַטיקע מיטהילפ אונ די הילפ ווערט אנערקענט דורכ די שילער, וואָס האָבנ צוגעפּעס־טיקטע. ניט נאָר כאווערישע מיטהילפ, נאָר אויכ די הילפ מיצאד די עלטערנ, שוועסטער אונ ברידער אונ אפילע פּריוואטע לערער איז

פּאַקטיש גרעסער, איידער די קינדער ווײַזן אָן. די שילער האַלטן פאַר נייטיק וועגן דעם קיינעם ניט דערציילן. קריגן הילף פון דער זײַט איז פאַר זיי פאַרבונדן מיט ביזויען.

די שול אָבער דאַרף וועגן דעם וויסן, ווײַל אָפט איז די קוואַליטעט פון דער הילף א נידעריקע און ברענגט דעם שילער מער שאָדן איידער נוץ.

ס'איז נייטיק דעריבער אף עלטערן־פאַרזאַמלונגען אָפטער אינסטרוקטירן די עלטערן, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן הילף די שילער באַם אויספילן היימפאַרגעבונגען, אָנווײַזן אין וואָס פאַר א מאָס איז דערלאָזבאַר העלפן די שילער, קעדיי באַזײַטיקן אַזעלכע פאַקטן, ווען עמעצער גרייט פאַרן שילער די פאַרגעבונגען.

דאָסגלײַכן מוזן געגנוי אינסטרוקטירט ווערן די פּריוואַטע לערער. אין אַזעלכע פאַלן וועט זײַן זייער גוט, ווען דער פּריוואַטער לערער וועט האַלטן מיט דער שול א סיסטעמאַטישע פאַרבינדונג און וועט באַזוכן די פּעדראַטן.

## אַרויסזאָגונגען פון די שילער און לערער וועגן די שול־פאַרגעבונגען

אויסער אונדזער דירעקטער אויספאָרשונג פונעם צושטאַנד און אָרגאַניזאַציע פון די שול־פאַרגעבונגען, האָבן מיר נאָך געבעטן די שילער און לערער אָנווײַזן די גרונט־מאָמענטן, וואָס שטערן די קינדער אין זייער אויסער־שול־אַרבעט.

די שילער האָבן אָנגעוויזן אף אַזעלכע שטערונגען:

**לערנביכער און מאַכשירים:**

1. ס'פעלן אויס אייניקע לערנביכער.
2. דער לערנבוך דערקלערט ניט, ווי אַזוי אויסצופילן די אַרבעט.
3. ס'איז אָפט שווער באַהערשן די שפּראַך פון ביכל.
4. ס'פעלן אויס די נייטיקע מאַכשירים.

## אָרגאַניזאַציע פֿון פֿאַרגעבונגען:

1. ס'פֿאַראַן טעג איבערגעלאָדענע מיט פֿאַרגעבונגען.
2. מ'באַווייַזט ניט גענוג פֿאַרשרייַבן אין קלאַס די פֿאַרגעבונג.
3. מ'פֿאַרגעסט אַמאָל, אַז אויף דעם טאָג איז פֿאַראַן אַ פֿאַרגעבונג.
4. מ'פֿאַרשרייַבט אַמאָל ניט ריכטיק די פֿאַרגעבונג.
5. אין קלאַס איז טומלדיק בייַם מ'פֿאַרגיט די פֿאַרגעבונג.

## דער מעטאָד פֿון פֿאַרגעבן אַרבעט:

1. דער לערער דערקלערט ניט פֿאָרויס די שווערע ווערטער.
2. דער לערער מאַכט אין קלאַס ווייניק אַזעלכע אַרבעטן, וואָס ער פֿאַרגיט אַהיים.
3. דער לערער אינסטרוקטירט אַמאָל שלעכט די פֿאַרגעבונגען.
4. דער לערער פֿאַרגיט אַמאָל צו קאָמפּליצירטע פֿאַרגעבונגען.
5. דער לערער פֿאַרגיט אַמאָל צו גרינגע פֿאַרגעבונגען.

## סוביעקטיווע באַציִונג צו דער אַרבעט:

1. בײַ אייניקע שילער איז אַ שוואַכער אינטערעס צו אַ באַשטימטן געגנשטאַנד.
2. אייניקע שילער איז שווער זיך קאָנצענטרירן אויף דער אַרבעט.

## פֿייִקייטן און געוווינהייטן:

1. אייניקע שילער גייט זיך שווער צו באַנעמען אַ באַשטימטן געגנשטאַנד.
2. אין אייניקע געגנשטאַנדן איז שווער אויספֿילן זעלבשטענדיקע אַרבעט.
3. ס'פֿעלט די געהעריקע פּראַקטיק פֿאַר זעלבשטענדיקע אַרבעט.

## די לערער ווײַזן אָן אַפּ אַזעלכע שטערונגען:

מ א ט ע ר י ע ל ע ל א ג ע:

1. אייניקע שילער זײַנען פאַרנומען מיט פאַרדינען געלט.
2. אייניקע שילער זײַנען פאַרנומען מיט שטוב־אַרבעט.
3. בא אייניקע שילער זײַנען שלעכטע באַדינגונגען פאַר אַר־בעט אינדערהיים.
4. בא אייניקע שילער איז א שווערע מאַטעריעלע לאַגע.

ד י  ש י ל ע ר  ג ו פ ע  ז ײַ נ ע ן  ש ו ל ד י ק:

1. אייניקע שילער פוילן זיך.
2. „ „ זײַנען אומדיסציפּלינירטע.
3. „ „ זײַנען אומגעזעלשאַפטלעכע.

ג ע ו ו י נ ה ײַ ט ן  א ו ן  ס ו ב י ע ק ט י ו ו ע
ב א צ י ו נ ג  צ ו  ד ע ר  א ר ב ע ט:

1. אייניקע שילער קאָנען ניט אויספילן קיין זעלבשטענדיקע אַרבעט.
2. בא אייניקע שילער פעלט אויס אינטערעס צום לערנען.
3. די אַקאַדעמיש שוואַכע שילער זײַנען געוווינט צו שטענ־דיקער הילפ און קאָנען ניט אַרבעטן זעלבשטענדיק.

## פאָרשלאָגן פון די לערער און שילער

קעדייי באַזײַטיקן די שטערונגען, וואָס באַגעגענען זיך אין דער אַרבעט בא די פאַרגעבונגען, האָבן די לערער און שילער אונדז פאָר־געלייגט א גאַנצע ריי מאָסמיטלען.

1. „רעגולירן דורכן א ספּעציעלער רעשימע די פאַרגעבונגען, קעדייי בא די שילער זאָל זיך ניט אָנקלײַבן צופיל אַרבעט".
2. „ניט איבערכאַפּן די מאָס אין די פאַרגעבונגען".
3. „פאַרגעבן אַרבעט ניט מער ווי אַפּ 1/2 1—2 שאָ".

4. „ניט פארגעבן אין איין טאָג אסאך ארבעט און אין א צווייטן טאָג ווינציק“.

5. „געבן די שילער מער צײַט אפּ גרייטן די לימודים“.

6. „פארקלענערן די געזעלשאפטלעכע אָנלאָדונגען, קעדיי עס זאָל בלײַבן צײַט פאר ארבעט אפּ די פארגעבונגען“.

7. „אײַנשטעלן א באשטענדיקן דיסקאָנט פון די פארגע־בונגען“.

8. „אָפּטער ארויסרופן די שילער אין קלאס“.

9. „ווי געהעריק צוגרייטן די פארגעבונגען אין קלאס“.

10. „די פארגעבונג דארף זײַן פארשטענדלעך“.

11. „אויסקלאָרן אפּ פריער די שווערע ערטער אין דעם מאטעריאל פון דער פארגעבונג“.

12. „אין קלאס בעסער דערקלערן די פארגעבונג, אז איט־לעכער זאָל פארשטיין, וואָס מ'האָט פארגעבן. אז מען פארשטייט, מאכט מען גוט די ארבעט“.

13. „פירן א שטרענגן דיסקאָנט“.

14. „קאָנטראָלירן יעדעס מאָל די אויסגעפילטע פארגעבונגען“.

15. „אָרגאניזירן די סאָץ־פארמעסטונג אין דער אקאדעמ־ארבעט.

16. „אויסטײלן שלאָגלער, וואָס לערנען זיך גוט“.

17. „אָפּטער ארויסרופן די שילער, וואָס גרייטן ניט די פאר־געבונגען“.

18. „נאָך יעדער טעמע מעלדן די שילער די אָפּשאצונגען“.

19. „פארינטערעסירן די שילער מיט דער ארבעט“.

20. „די פארגעבונגען דארפן זײַן ניט צו שווער און ניט צו גרינג“.

21. „די לערנביכער דארפן אנטהאלטן דעם נייטיקן מאטעריאל פאר די פארגעבונגען“.

22. „פארגעבן אינטערעסאנטע ארבעטן“.

23. „אויספאָרשן די סיבעס, פארוואָס דער אָדער יענער שי־לער גרייט ניט די פארגעבונגען און אָנעמען מיטלען אפּ ליקווי־דירן די שטערונגען“.

24. „באַזאָרגן, אַז יעדער שילער זאָל פאַרמאָגן אַלע לערנ־ביכער".

25. „פירן אַן אויפקלערערישע און דערציִונג־אַרבעט צווישן די עלטערן".

26. „אָרגאַניזירן אינדערהיים אַ פריַי אָרט, וווּ ס'זאָל זיַין שטיל און קיינער זאָל ניט שטערן מאַכן די לימודים".

27. „יעדער שילער זאָל האָבן באַזונדער אַלע לערנביכער".

28. „אָרגאַניזירן אין שול שטילע צימערן, וווּ די שילער, וואָס האָבן ניט קיין מעגלעכקיַיט מאַכן די לימודים אינדערהיים, זאָלן קומען אַרבעטן".

29. „ווינטער אָרגאַניזירן אין שול וואַרעמע צימערן, וווּ מע זאָל קענען גרייטן די לימודים".

30. „באַזאָרגן די שטילע צימערן מיט לערנביכער און מאַכ־שירים".

31. „דערקלערן די עלטערן, זיי זאָלן אָרגאַניזירן פאַרן שילער אַן אָרט וווּ גרייטן די לימודים".

32. „אויסטיילן די אָפּגעשטאַנענע שילער אין קריַיזלעך און זיי זאָלן אַרבעטן יעדן טאָג אין שול מיט אַ לערער".

33. „די אָפּגעשטאַנענע שילער זאָלן אַרבעטן אין צווייען, אין דריַיען מיט שטאַרקערע".

34. „אָרגאַניזירן קאָנסולטאַציעס פון די לערער".

די געבראַכטע אַרויסזאָגונגען פון די לערער און שילער באַווײַזן, אַז די פראַגע פון בעסער אָרגאַניזירן די היימפאַרגעבונגען איז אַקטועל. און דעריבער זיַינען אַזוי רײַך אין אינהאַלט די פאָרשלאָגן פון די לע־רער און שילער.

פיל פון די פאָרשלאָגן פאַלן צונויף מיט אונדזערע אויספירן, וואָס מיר האָבן געמאַכט אָפּן סמאַך פון אויספאָרשן די פאַקטישע לאַגע פון די שול־פאַרגעבונגען.



# אינהאַלט



רעדאַקטער — דאַמעסעק
טעכרעדאַקטער — בעלקינ
קאָרעקטער — קאָװאַלסקיטע

אָפּגעגעבנ אינ דרוק: 15/IV אונטערגעשריבנ צומ דרוק 10/VII 1935. צאָל דרוק-בויגנ 3½
טיראַזש—2185 עקז. באַפּולמ. פונ גלאַווליטבעל נומ. 1798-ב. באַשטעלונג 363.

דרוקערײַ א. נ. סטאַלינ—מינסק.